№ 31. צווייטער יאהרגאנג

יודישע
# פאלקס־צייטונג

29 Juli 1903. פערלאג „פאלקס־בילדונג“ ווארשא. ה׳ אב תרס״ג.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“ איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

# „הילף“

## די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

## געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם דאזיגען סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די בעסטע שריפטשטעלער, וואס שרייבען זשארגאן אונ העברייאיש אונ אויך די וואס שרייבען אין אייראפייאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.

ביז יעצט האבען זיך אנגערופען מיטצואורבייטען אין זאמעל-בוך „הילף“: נישט יודישע שריפט-שטעלער: לעוו טאלסטאי; מאקסים גארקי; וולאדימיר קאראלענקא; אנטאן טשעהאוו; עליזא ארזשעשקא; ראשעל הין; פראפעסאר באזשעגאוו.

יודישע שריפטשטעלער: מענדעלי מוכר ספרים; שלום עליכם; דוד פרישמאנן; בן-עמי; עזרא גאלדין; מנשה מרגליות; אלעזר שולמאן; ד"ר מ. י. בערדיטשעווסקי; מרדכי בן הלל הכהן; ד"ר י. ליאקומאוויטש; מ. מ. הורוויץ; א. ד. ראזענטהאל; יעקב כהן; י. ח. ראבניצקי; יוסף יפה; דוד פינסקי; י. לערנער; יהודה שטיינבערג; ליפמאן לעווין.

די ווייטער צוגעקומענע שריפטשטעלער וועלען מיר מודיע זיין אין אונזער צייטונג.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“.



Книгопеч. „Тушія“ Варшава.

Nr. 31. — Jüdische Volks-Zeitung — צווייטער יאהרגאנג.

# יודישע
# פאלקס-צייטונג
א וואכען-בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל
פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 80 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

29 Juli 1903. — Nr. 31. — ה' אב תרס"ג.


דער ערשטער באנד פון „שלום עליכמ'ס אלע ווערק" איז שוין ארויס פון דרוק און צעשיקט געווארען אלע אבאנענטען וואס האבען אויסגעשריבען מיט די ווערק.

**אינהאלט פון ערשטען באנד:**



די איבעריגע 3 בענדער וועלען צעשיקט ווערען יעדע זעקס וואכען א באנד, אזוי אז ביז צום סוף יאהר וועלען אלע 4 בענדער צעשיקט ווערען צו די אבאנענטען.

אבאנאמענטס פרייז:

פון 1-טען יולי ביז צום סוף יאהר די יודישע „פאלקס-צייטונג" צוזאמען מיט די 4 בענדער „שלום-עליכמ'ס אלע ווערק" — 4 רובל, פאר א האלב יאהר צוזאמען נאר מיט 2 בענדער 3 רובל, פאר א פיערטעל יאהר צוזאמען מיט 1 באנד 1.50 רובל.

די צייטונג אהן דער פרעמיע: 1 רובל א פיערטעל יאהר, 2 רובל א האלב יאהר.

שלום-עליכמ'ס אלע ווערק אהן דער צייטונג פערקויפען זיך ניט.

מיר בעטען די וועלכע ווילען אבאנירען די צייטונג אליין, אדער מיט דער פרעמיע זאלען זיך בעאיילען אויסצושרייבען אין דער צייט, ווייל די צייטונג און די פרעמיע דרוקען מיר נאך א געוויסע צאהל עקזעמפלארען.

## ווען זאלען די חדר-יונגלעך רוהען.

אין אדעסא און אין קישינוב איז היינטיגען זומער איינגעפיהרט געווארען א וויכטיג נייעס אין די חדרים: די שול-פערוואלטונג האט ארויסגעגעבען א שטרענגען בעפעהל, מען זאל די חדרים פארשליסען אויף די גאנצע צייט פון „פעריען", דאס הייסט: די צייט, ווען אלע רעגירונגס-שולען זענען געשלאסען, אין די הייסע זומער-מאנאטען.

די דאזיגע נייעס האט אויפגעוועקט די אויפמערקזאמקייט פון אונזערע שרייבער, און מיר בעגעגענען שוין ארטיקלען אין צייטונגען, אז ס'איז זעהר נייטיג, איינפיהרען „קאניקולען" אין אלע יודישע חדרים.

דער געדאנקען איז אין גרונד זעהר שיין און גערעכט.

מיר ווייסען אלע, ווי נייטיג עס איז אפילו דעם דערוואכסענעם מענשען, צו אברוהען נאך דער ארבייט, בפרט פאר לערנקינדער. ביי וועלכע דער קערפער איז צארט און שוואך. דאס פארשלאסענע

לעבען אין דער שולע נעמט צו זייערע כחות און זייער מונטערקייט. דערפאר זענען טאקי איינגעפיהרט די פעריען אין אלע שולען; די שילער רוהען דאמאלס, האבען פארשידענע פארוויילונגען, געהען אויף דער פרישער לופט, אדער פאהרען אין א זומער־וואהנונג אויפ׳ן לאנד, אין וואלד, שעפען פרישע כחות און ווערען געשטארקט.

און אז די „קאניקולען" זענען גוט פאר די קינדער פון די גוט־איינגעארדענטע שולען, וואלטען זיי געווען נאך פיעל בעסער, ניצליכער און נייטיגער פאר די חדרים־יונגלעך. דאס רוב חדרים זענען ענג און שלעכט איינגעארדענט, עס פעהלט אין זיי גענוג ליכט און פרייע לופט; די קינדער זיצען דארט גאנצע טעג, און דאדורך ווערען זיי בלאס, אהן א טראפען בלוט, שוואך און אויסגעמאגערט. קאן דען זיין עפעס בעסערעס פאר א זעלכע ארימע קינדער, ווי צו בעפרייט ווערען פון חדר אויף עטליכע חדשים, ארומפליהען ווי די פרייע פייגעל אין גערטנער און וועלדער, געניסען פון דער שיינער נאטור און שטארקען זייערע דארע, שוואכע קערפער?

אפילו אין די רוסישע צייטונגען בעגעגענען מיר איצט די פאדערונג, מען זאל איינפיהרען זומער־רוה אין אלע חדרים. איין יודישער שרייבער ווענדעט זיך זאגאר צו די עלטערן און זאגט: „איהר טאטע־מאמעס וואס ליבען אזוי היים אייערע קינדער, גיט א קוק אויף זייערע בלאסע און מאגערע פנימ׳לעך, זייערע איינגעפאלענע בעקלעך, זייער מאגער קערפער, זעהט ווי אויסגעמוטשעט זענען אייערע קינדער, און איהר וועט זיך איבערצייגען, אז דאס ביסל קענטנים, וואס זיי טראגען ארויס פון חדר, נעמט זיי אוועק זייער געזונט!.." „נאר דורך דאס שטענדיגע זיצען אין חדר — זאגט ווייטער דער זעלבער שרייבער — געפינט זיך ביי אונז יודען, פיעל מעהר ווי ביי אנדערע פעלקער, בלוט־ארימע, וואס ליידען אויף די לונגען און אויף די נערווען. און צו דעם קענען נאר די עלטערן אליין העלפען. שיקט ניט זומער אייערע קינדער אין חדר, געהט בעסער מיט זיי יעדען טאג אין וואלד, אין גארטען; מאכט פאר זיי קינדער־פערוויילונגען א. ז. וו."

עס איז לייכט צו זאגען: די ארימע עלטערן, וואס לויפען ארום גאנצע טעג ווי די פארסמ׳טע מייז צו פארדיענען א גראשען, אדער ארבייטען שווער און ביטער פון פריה ביז נאכט און האבען קוים אויף חיונה און צו בעצאהלען דעם רבי׳ן די צעהן גולדען א חודש שכר־למוד, זאלען נעמען די קינדער אין די הייסע זומער־טעג, און געהן מיט זיי שפאצירען יעדען טאג אין וואלד, אין גארטען! אמת, ס׳איז פאראן א פיעל בעסערער פלאן: דער מלמד זאל געהן מיט זיינע תלמידים שפאצירען; אבער דאס איז אויך ניט אזוי לייכט אויסצופיהרען, צוליב דער איינפאכער אורזאכע: די עלטערן וועלען ניט וועלען צאהלען דעם מלמד פאר׳ן שפאצירען.

מיר ווייסען אלע, ווי שלעכט איז די לאגע פון די יודישע לעהרער אים זומער, ווען זייערע שילער צעפאהרען זיך אין די זומער־וואהנונגען אדער אין אויסלאנד און זיי, די לעהרער, בלייבען אהן לעקציאנען און — אהן ברויט. פיעל, זעהר פיעל איז שוין געשריבען געווארען וועגען די דאזיגע אומגליקליכע לעהרער; פיעל מוסר האט מען שוין אויך געזאגט די עלטערן, וואס לאזען די לעהרער הונגערען, ווען זיי מיט זייערע קינדער האבען פארגניגעי און רוה אויף דער פרישער לופט. דאס האט אבער ביז היינט גאנץ ווייניג געהאלפען. די לעהרער געהען זיך ווייטער אום פאר הונגער אים זומער, חאטש זיי האבען צו טון מיט דער פארמעגליכערער קלאסע, וואס איז אים שטאנד צו נעמען א לעהרער צו זיך אהיים, אבער נאך ערגער וועט זיין די לאגע פון די טויזענטער ארימע מלמדים, ווען מען וועט איינפיהרען זומער־רוה אין די חדרים. וועלכער ארימער פאטער וועט דאס וועלען צאהלען פאר ניט־לערנען? ווער וועט וועלען צאהלען דעם מלמד פאר לעדיג־געהן?

שכר־למוד איז, בעונותינו הרבים, דאס שווערסטע געלד,

# פעליעטאן.

## אין די וואַרמבעדער

(בילדער, טיפען, באנעגענישען, צרות און פארנניגען.)

פון

## שלום־עליכם.

ב.

וואס הייסט „חבוט הקבר".

אונזערע חכמים באשרייבען חבוט הקבר מיט אלערליי שרעקליכע פארבען און דעם גהינם נאך מורא׳דיגער. סע ווייזט אויס, אז זיי האבען ניט געהאט קיין וייבער מיט „נערוועז" און זענען קיין מאל ניט געפאהרען קיין אויסלאנד אין די ווארמבעדער, נישט געפיהרט מיט זיך קיין צוועלף פוד באגאזש, אחוץ טשעמאדאנעס, קוישלעך, בינטלעך און פעקלעך אלערליי, און האבען נישט מיט גענומען מיט זיך אהין קיין איינגעמאכטסען. מיר, אויב ס׳איז באשערט אפקומען חבוט הקבר, האב איך איהם געהאט אין בויבעריק אויפ׳ן וואגזאל ביים אוועקפאהרען קיין אויסלאנד, און דער גהינם האט זיך פאר מיר געעפענט שוין זיצענדיג מיט מיין חיה עטלין אין וואגאן. אייך איז גרינג צו שטעהן און קוקען בשעת עס ווערד א טומעל, דער קוריערצוג קומט אן, שטעהט איננאנצען אזעלכע 5 מינוט, און מע דארף חאפען נעמען בילעטען, אויפגעבען דעם גאנצען באגאזש, אפגעזעגנען זיך און צעקישען זיך מיט אלע קינדער קיין עין הרע, אריינחאפען זיך מיט׳ן ווייב און מיט אלע פעקלעך און טשעמאדאנעס און קוישלעך אין וואגאן אריין און פארחאפען ערטער, און קיין ערטער איז ניטא. איך פריי מיך וואס איך האב פארחאפט איין ארט פאר מיין חיה עטלין און זי איז נאך ניט צופרידען. ניט צופרידען דערמיט וואס איהר ארט קומט אוים אקוראט אקעגען א גראבען גלח, וואס אז מע טהוט אויף איהם א קוק ווערד שוין היים אויף צו חלש׳ען, און ניט צופרידען דערמיט, וואס איך האב ניט וואו צו זיצען און דארף מיך האלטען מיט די פעקלעך, און ניט צופרידען דערמיט, וואס פון איילעניש האט זי פארגעסען אנזאגען די קינדער און די דינסטען אסך נייטיגע זאכען. א דאנק דעם גלח וואס ער האט רחמנות געהאט אויף מיר, זיך אביסל א רוק געטהאן און געמאכט מיר חאטש אשטיקל ארט און איך קאן זיך צוזעצען חאטש אויף איין עק באנק און ארומקוקען זיך וואו איך בין אין דער וועלט. פונ׳ם אנהארעווען זיך, פונ׳ם לויפען מיט׳ן טארעראם דרעהט זיך מיר דער קאפ און איך פיהל, אז איך האב עפיס דאכט זיך פארגעסען, נאר וואס ווייס איך ניט, און דערפאר אפנים בין איך אזוי פארטראכט און הער ניט וואס מע רעדט צו מיר.

אפילו ווען דער מלמד זיצט גאנצע טעג און רייסט זיך די גרגרת און „אקערט" מיט זיינע תלמידים; מען דערמאהנט זיך אן ארימען מלמד אם שפעטיעסטען, ווען מען האט שוין אלע אנדערע לעכער פארשטעקט. וואס־זשע וועט זיין דער גורל פון מלמד די גאנצע דריי זומער־חדשים, ווען זיין חדר וועט זיין פארשלאסען און די קינדער וועלען ארומגיהן „פוסטי פאס"?

און „פוסטי פאס" וועלען די קינדער ארומגעהן. אויף זומער־וואהנונגען זענען די ארימע עלטערן דאך ניט אים שטאנד זיי צו שיקען; קיין חברות, וואס זאלען דאס טון לשם צדקה, האבען מיר ניט. די קינדער וועלען אלזא בלייבען אין שטאדט, מיט איהר ענגע, פארשטיקטע, שטויביגע לופט, וועלען ארומלופען אהן שום השגחה און פארווילדט ווערען. אונזערע מלמדים, אפילו אז מען וועט זיי צאהלען ווי געוועהנליך, האבען ניט דעם טאלענט און די קענטנים, צו ערציהען די קינדער שפאצירענדיג, פלאנצען אין זיי קענטנים און זיטען אויסווענדיג, אויף דער פרייער לופט, אהן די הילף פון ספר...

אויסער דעם, איז ניט ריכטיג, אז מען זאגט: די קינדער זיצען שטענדיג אין די חדרים. אונזערע קינדער האבען אויך פעריען כמעט גאנצע צוויי חדשים: ניסן צו פסח־צייט און תשרי, וואס איז כסדר ימים־טובים. אז מען זאל נאך צווינגען די מלמדים, פארשליסען די חדרים גאנצע דריי מאנאטען אים זומער, „תורה מה תהא עליה?" ווען וועלען די קינדער שוין עפיס לערנען?

ניין, מיר מוזען זיך אבזאגען פון דעם שיינעם, אבער אונמעגליכען געדאנקען, צו איינפיהרען אין די חדרים פעריען ווי אין אנדערע שולען. מען מוז זעהן אין די חדרים זעלבסט זאל זיין מעהר ארדנונג, מעהר לופט און בעקוועמליכקייט, אז דאס זיצען דארט זאל ניט שאדען די קינדער. אונזערע „קאניקולען" בעדארפען בלייבען ווי ביז איצט: די צוויי מאנאטען ניסן און תשרי. אין אויסלאנד זענען אויך די „קאניקולען" פון די שילער ניט אין מיטען זומער, אין די גרויסע היצען, נאר אין פריהלינג און אין אסיען. דער קלוגער מלמד קאן שוין אויסזוכען שטענדיג צעשטרייאונג פאר זיינע קינדער: שפאצירענגנג אים ל"ג־בעומר און שלשת ימי הגבלה, אדער אזוי אין א מיטענוואכענדיגען טאג. קיין פאטער וועט ניט נעמען פאר אומגוט, ווען דער רבי וועט זיך מאכען אזא ניצליכען יומא־דפגרא. די מלמדים בעדארפען אויך פון צייט צו צייט מאכען קינדער־פערוויילונגען ביי געהעריגער געלעגענהייט, ווי למשל: אים חנוכה, נאך פורים, אין שקל־טאג און אין אנדערע טעג, אין וועלכע ס'איז לייכט צו געפינען עפיס א נאציאנאלען אנדענקען.

און אויב יא זומער־רוה, איז ניט מעהר ווי איין מאנאט אים זומער, למשל אין תמוז. אבער אויך דאמאלס בעדארף מען ניט אין גאנצען פארשליסען די חדרים, נאר איינטיילען דעם טאג אויף דער העלפט: ביז מיטאג לערנען, און נאכדעם, ביז נאכט זאלען די קינדער געהן שפאצירען, טאקי אונטער דער אויפזיכט פון רבי'ן.

ז.

---

# צווישען אונז גערעדט.

שוין צייט א יאהר, אז אויף פויליש האט זיך אבגעדרוקט א ביכל מיט דעם נאמען „סודות פון תלמוד". דער מחבר פון דעם ביכל דרוקט גרויסע רעקלאמעס וועגען זיין ווערק אין די ביליגע פוילישע צייטונגען, וועלכע זענען פארשפרייט צווישען פאלק און פארשטעהט זיך, אז דאס ווערקל ווערד שטארק פארשפרייט, איבערהויפט אין די דערפער.

אין דעם ביכל דערציילט דער מחבר, אז לויט דעם תלמוד מעג מען אבנארען ניט קיין יודען, אז ניט קיין יודען דארף מען פיינט האבען א. ד. ג.

---

— זעה נאר, האסט חאטש גוט בעהאלטען די קוויטאנציעס? מאכט צו מיר מיין חיה עטיל.

— וואסערע קוויטאנציעס?

— פונ'ם באגאזש.

— מזל־טוב! וואס איז דאס מיט דיר? דו ביזט אזוי פארטראגען, אז דו ווייסט שוין גאר ניט וואס מע רעדט צו דיר?

ערשט דא דערמאהן איך מיך, אז איך האב פארגעסען אפנעמען ביים ארטעלשטשיק די קוויטאנציעס פונ'ם באגאזש און נישט באקלערט וואס איך טהו לאז איך מיך לויפען, וואוהין ווייס איך אליין ניט, מיין ווייבס נערוועען האלטען דאס ניט אויס און זי פארווארפט דעם קאפ אויף צו חלשי'ען. עס ווערד א שטיקל הארמידער אין וואגאן, די פאסאזשירען רינגלען אונז ארום, ווערען געוואהר פון דער מעשה מיט דער קוויטאנציע, ניט מען מיר אלערליי עצות. וואס איך זאל טהון ווי אזוי און וואוהין איך זאל טעלעגראפירען, ווי אזוי איך זאל זיך נוהג זיין אויף דער גרענעץ, און אונזער נסיעה ווערד שוין פונ'ם ערשטען ארויספאהר פארניפטעט מיט סם המות, און איך האב חרטה אויפ'ן גאנצען פלאן פון דער נסיעה. דאס געזונט וואס מיך קאסט דאס וועט מיר געוויס ניט אומגעקעהרט ווערען פאר דריי חדשים קורירען זיך, און דאס בלוט וואס מיר ווערד פארצאפט וועט מיר זיכער נישט צוקומען פאר קיין דריי חדשים באדען זיך און איך פארשעלט מיר דאס נעביין מיט'ן אויסלאנד, מיט די ווארמבעדער און מיט אלע דאקטוירים. וואס איך ווינשעווע זיי מעג זיי אנקומען חאטש האלב.

נאר צו וואסערע צרות ווערד א מענש ניט געוואהנט? די באהן וועט צוריק צוליב מיין באגאזש ניט פאהרען און קיינער איז ניט מחויב טראגען אויף זיך מיינע יסורים. איך בין געוועזן צופרידען, וואס מיין חיה עטיל האט זיך חאטש אפגעזוכט אין וואגאן א צוויי דאמען, וואס זי האט זיך גיך מיט זיי בעקאנט און געווארע געווארען, אז זיי פאהרען אויך קיין אויסלאנד אין די ווארמבעדער, און אויף אלע דריי איז געווארען אזא שמחה, גליך ווי זיי האבען געוואונען דאס גרויסע געווינס און האלטען שוין ביי טיילען זיך.

די צוויי דאמען זענען געוועזן: איינע פון אומאן, א דאמע מיט א הוט און מיט א סך פודער אויפ'ן פנים, מחמת זי פאהרט שוין קיין אויסלאנד דאס אנדערע מאל, דעריבער רעדט זי שוין האלב העבער דייטש און איז קלאר זאגט זי דארטען אין אלע ווינקעלעך, און די אנדערע — א יונג ווייבל פון יעהופעץ, וואס פאהרט אהין דאס ערשטע מאל, האלט זיך אן דער אומענער דאמע ווי א ברעקעלי קינד, לאזט זי נישט אפ אויף קיין טריט.

— ווער זענט איהר פון יעהופעץ? — פרעג איך דאס יונגע ווייבל און ווער איז אייער מאן?

— איך ווייס ניט, זאגט זי, אויב איהר וועט איהם קענען, מיין מאן הייסט בראדסקי.

דער מחבר לעגט פאר צו בעצאהלען 1000 רובל, ווען א יודישע געמיינדע וועט דערווייזען, אז זיין ביכל איז נוט ריכטיג געשריבען.

צוזאגענדיג די 1000 רובל האט דער מחבר גיט געוואוסט, אז ער שטעלט דא גאר ניט איין, ערשטענס קאן זיך מאכען, אז עס וועט זיך ניט געפינען קיין יודישע געמיינדע, וואס זאל וועלען זיינע ליגענס אבלייקענען אונ צווייטענס, ווי איך האב זיך דערוואוסט, פארמאגט דער מחבר ניט נאר קיין 1000 רובל נאר קיין 1000 גראשען, דאס געלד האט ער ניט איינגעלעגט אונ געהט מאנט ביי איהם 1000 רובל, חאטש איהר וועט צעהן מאל אבלייקענען די ליגענס אין זיין ביכל. היינט וואס האט ער מורא צוצוזאגען?

פארשטעהט זיך, אז דא געהט ניט צי וועט דער מחבר בעצאהלען די 1000 רובל אדער ניט, די הויפטזאך איז, אז מע זאל אבלייקענען אונ דורך געריכט זאל מען פון דעם פאמפלעטיסט פארלאנגען דאס געלד. נאר אז מען שווייגט קומט אוים ביים פוילישען פאלק, אז אלעס וואס שטעהט אין ביכל „סודות פון תלמוד“ איז אמת.

אונ עס איז זיך נאר צו וואונדערען אויף די יודישע געמיינדעס אין פוילען, וואס זענען אזוי קאלט-בלוטיג צו אזוינע בלבולים אויף יודען. ניט קוקענדיג וואס עס איז שוין אוועקגעגאנגען א יאהר זייט דער פאמפלעט אויף יודען איז ארוים פון דרוק אונ עד היום הערט זיך עס ניט אויף צו פארשפרייטען צווישען פאלק.

ניט לאנג האט מען דאס פולישע ביכל איבערזעצט אויף רוסיש אונ מען פארקויפט עס אין פעטערסבורג אויף די גאסען, קרושעוואנס צייטונג „זנאמיא“ האט זיך דערויף ארויסגעווארפען ווי אויף איין אבן טוב אונ אין דער צייטונג האט זיך וועגען דעם ביכל אבגעדרוקט איין ארטיקעל „אמת וועגען תלמוד אונ די תלמוד'יסטען“. אין דעם ארטיקעל פאלט אן די „זנאמיא“ אויף דער פוילישער פרעסע פאר וואס זי מאכט א שווייג וועגען דעם אבן טוב.

וועגען דעם פאמפלעט, האט אפילו די פוילישע פרעסע, וועלכע קאן זיך כלל ניט בעריהמען מיט איהר פריינדשאפט צו יודען, — געפונען פאר ניט שען צו רעדען וועגען דעם ביכל. נאר די „זנאמיא“ בעשולדיגט די פוילישע פרעסע, אז זי חנפ'ט יודען, דעריבער שווייגט זי.

סוף כל סוף איז איצטער ארויסגעטרעטען קעגען דעם פאמפלעט דער אדעסער רב ח. טשערנאוויץ מיט איין ארטיקעל אין „אדעסקי נאוואסטי“ (Nr. 1617 פון 4־טען יולי), וואו ער דערווייזט מיט אותות ומופתים די שקרים, וואס דער פאמפלעטיסט האט געשריבען אין זיין ביכל „סודות פון תלמוד“. צום סוף זאגט ה' טשערנאוויץ, אז ער גיט ניט קיין 1000 רובל נאר 10,000 רובל, ווען קאמפעטענטע מענשען וועלען דערווייזען, אז דער מחבר פון דעם ביכל „סודות פון תלמוד“ האט ניט אויסגעטראכט אונ ניט איבערגעדרעהט אלעס קאפויר.

ה' טשערנאוויץ בעמערקט אין זיין ארטיקעל, אז דער מחבר פון דעם פאמפלעט האט בכיון מודיע געוועזען, אז ער גיט די 1000 רובל א געמיינדע, ניט קיין איינציגען פערזאן, ווייל אין דער איצטעריגער צייט איז קיין יודישע געמיינדע אלץ „יורידיטשעסקי פערזאן“ ניט דא.

אזוינע יודישע געמיינדעס ווי ה' טשערנאוויץ מיינט געפינט זיך ניט אין רוסלאנד, אבער אין פוילען געפינען זיי זיך אין יעדע שטאדט אונטער דער נאמען „יודישע גמינע“ אדער „דאזאר־שטוב“.

איך ערלויב זיך דאס צו בעמערקען, כדי אנצווייזען, אז יעדע יודישע גמינע אין פוילען האט דאס רעכט ווי יעדע איינציגע פערזאן אבצולייקענען די שקרים פון דעם פאמפלעטיסט אונ פארלאנגען די טויזענט רובל.

נאר וואס העלפט עס, אז מיר מעגען אונ קאנען אבלייקענען די בלבולים, וואס מען הערט ניט אויף צושרייבען אויף אונז יעדען טאג אין די צייטונגען, אז מיר טון ניט קיין האנט אין קאלט וואסער וועגען דעם. א סך האבען מיר געטאן אויף אבצולייקענען די שקרים, וואס קרושעוואן האט עטליכע יאהר געשריבען איז „בעסאראבעץ“?

---

דערהערט דעם נאמען בראדסקי פון יעהופעץ האט דאס מיך נעגעבען א טראג אונטער, גלייך ווי דא אונטער דער באנק איז געלעגען בעהאלטען דינאמיט, אונ דאס ווייבל איז מיט אמאל ביי מיר אין די אויגען אוים געוואקסען אויף ניין אונ ניינציג פראצענט.

— וואס הייסט, זאג איך, בראדסקין וועל איך ניט וויסען? ווער ווייסט דאס ניט בראדסקין? וועלכען בראדסקים זענט איהר? לאזארם צי ליאווס?

— ניט לאזארם ניט ליאווס — מאכט זי צו מיר — מיר זענען טאקי בראדסקים, נאר נישט פון די; מיין מאן איז א מעקלער פון הייזער.

דאס יעהופעצער ווייבל האט מיט אמאל פארלאהרען ביי מיר אלע ניין אונ ניינציג פראצענט אונ איך האב שוין מעהר ניט געוואלט הערען וואס זי רעדט.

ניט אזוי איז אבער געוועזען מייז חיה עטיל. זי האט זיך מיט דער קאמפאניע גאר מחיה געוועזען, ערשטענס האט זי ביי דער אומגעגער דאמע אויסגעטאפט אלערליי וואס אין אויסלאנד טהוט זיך, אונ דאס איז געוועזען פאר אונז ביידען ווי געפונען, אונ צווייטענס איז זי געוואהרע געווארען פון אזעלכע מינים נייע שלאפקייטען, וואס זי האט נאך פון זיי קיין מאל ביז אהער נישט געהערט. שטעלט אייך פאר אז דאס ווייבל, וואס זי הייסט בראדסקי אונ וואס איהר מאן איז א מעקלער פון הייזער, האט געהאט א מאדנע מין חולאת; עס האט זיך איהר געחלומ'ט, אז זי האט איינגעשלונגען א גאנצען קאסטען מיט ארייננעשטעלטע ציינער. פון דעמאלט אן פיהלט זי אינוויינג ביי זיך אין בויך די ציינער, אונ קיינער קאן איהר ניט איינרעדען, אז עס דאכט זיך איהר נאר אזוי, מחמת זי פיהלט גאנץ גוט, מעהר פון אלע דאקטוירים אז די ציינער ליגען ביי איהר אינווייניג. פאהרט זי איצט קיין וויען אונ פון דארטען וואוהין דער פראפעסאר וועט זאגען.

סע פארשטעהט זיך, אז מיין חיה עטיל האט זיך באלד דערמאהנט, אז ס'איז ביי איהר אמאל ביי נאכט ארויסגעפאלען א צאהן, מע ווייסט ניט וואו ער איז אהינגעקומען, איז ניט אנדערש, אז זי האט איהם דעמאלט איינגעשלונגען; זי פיהלט טאקי, זאגט זי, גאנץ אפט א מאדנע שטעכעניש אינווייניג, זי פארשטעהט ניט פון וואנען.

— א שטיקל גליק, זאג איך, וואס דא פאהרט ניט קיינער מיט קיין אפגעביסענער נאז...

נאר קיינער וויל ניט אפילו קיין שמייכעל טהון אויף מיין חכמה; אדרבה, איך זעה, אז די ווייבער זענען אלע דריי אנגעדרודעלט אויף מיר; זיי האבען צווישען זיך עפיס ווי אפגעמאכט א מין יד אחת אקעגען מיר, אז מע זאל מיט מיר ניט רעדען אונ מיר אפילו ניט ענטפערען. איך האב אבער גיך דערלעבט אין זיי אלע א נקמה. די אומגעגער דאמע מיט'ן הוט האט מיט אמאל זיך אויפגעהויבען מיט אזא אומפעט אונ מיט אזא גוואלד גלייך ווי עס וואלטען זיך אנגעצינדען אויף איהר די מלבושים. דער גאנצער וואגאן מיט פאסאשירען זענען זיך צענויפגעלאפען מיט א געשריי:

שוין צייט אז מיר יודען זאלען זיך פארטיידיגען מיט דעם וואס מיר קאנען און מיט דעם וואס איז אונז געזעצליך ערלויבט.

און ניט דערלאזען פון יעדען קרושעוואן און גאסען־יונג אונז טרעטען אויף דעם קאפ און שווארצען דאס יודישע פאלק מיט פארשידענע שקרים און בלבולים.

אונזער שוויינען פארמעהרט נאר די צאהל פון די קרושעוואנס און אזוינע פאמפליסטען ווי דער מחבר פון די „סודות פון תלמוד" און ווערען געפעהרליך פאר אונז יודען.

אזא ארטיקעל, ווי ה' טשערנאוויץ האט געשריבען, ברויכט מען אבדרוקען אין פוילישען און אין רוסישען אין פיעל טויזענטער עקזעמפלארען און זיי פארשפרייטען אין די געגענדס, וואו דאס ביכל „סודות פון תלמוד" איז פארשפרייט געווארען.

מיט אזוינע און נאך אנדערע מיטעל, ווי למשל אין דעם פאל פארלאנגען דורך געריכט די 1000 רובל, קאן מען אויף א סך אבשלאגען דעם חשק פון אויסטראכטען אויף יודען שקרים און בלבולים.

מ. חיות.

---

# צווישען צייטונגען און זשורנאלען.

מילא אז איין ארטיקעל ווי „צווישען צייטונגען און זשורנאלען" איז מחויב צו ברענגען אט דאס וואס עס שרייבען די צייטונגען און די זשורנאלען — דאס איז דאך קיין חידוש נישט; א חידוש וועט זיין, אז איך וועל איינפיהרען אמאל א נייעס אין אזא מין ארטיקעל, און וועל רעדען פון דעם, וואס צייטונגען און זשורנאלען שרייבען ג י ש ט.

אט למשל דובאסאר — דערפון רעדען זיי נישט.

פאר עטליכע חדשים — פאר פסח איז עס געווען — דענסטמאל ווען עס איז פארפאלען געווארען א קריסטליך יונגעל אין דעם קליינעם שטעדטל דובאסאר, אין בעסעראביע, און מען האט עס געפונען א דערהרג'עטם — דענסטמאל האבען זיי גערעדט; דענסטמאל האבען 99 פראצענט פון די צייטונגען, וועלכע דרוקען זיך אין רוסלאנד און אין פוילין נישט געהאט וואס אנדערש צו טון ווי נאר צו ברענגען יעדען טאג ידיעות און קארעספאנדענציעס און עקסטרא־טעלעגראמעס, און יעדען טאג האבען זיי געהאט וואס נייעס צו דערציילען: דא האבען זיי דערציילט ווי איין עדות האט אויסגעזאגט, אז ער האט געזעהן מיט זיינע אייגענע אויגען ווי יודען זענען געשטאנען אין טליתים און תפלין אנגעטאן מיט די חלפים אין די הענט און האבען געמאכט די שחיטה; דא האבען זיי מודיע געווען ווי יודען זעלבסט האבען זיך מודה געווען, אז בהיות אזוי ווי זיי ברויכען, כידוע, אביסל קריסטליך בלוט אויף פסח, טא בכן האבען זיי געטאן אט די קליינינקייט און האבען, נישט מעהר און נישט ווייניגער, ווי א מענשען — א קליין מענשעלע, נאך נישט קיין דערוואכסענס, אזעלכעס וואס עס לוינט נאך גאר נישט דערפון צו רעדען — אומגעבראכט; דא האט מען זיי טעלעגראפירט ווי דאקטוירים האבען בעוויזען בכל הראיות, הן על פי חכמת הרפואה, הן על פי לאגיקא והן על פי טויזענט סברות און ודו"קלעך און ויש־לישב'ס, דהיינו על פי די דורכגעשניטענע סימנים פונ'ם האלז ועל פי דעם אופן פון די געעפענטע אדערן ועל פי דעם שיעור פון דעם פעהלענדיגען בלוט, אז די שחיטה איז געווען נאר ורק ודווקא לשם א רעליגיאזנעם צוועק. דאס אלעס האבען זיי דענסטמאל טעג לאנג און וואכען לאנג געשריבען. איצט אבער שווייגען זיי. איצט ווי דער אמת איז ארויס קלאר ווי בוימעל אויפ'ן וואסער, איצט ווי עס איז אנגעקומען די אפיציעלע טעלעגראמע, אז מען האט די אמת'ע מערדער געפונען: איין מערדער איז דער אייגענער פעטער פון דעם דערהרג'עטען יונגעל ריבאלענקא, מיט דעם נאמען מיכאל טימאשטשיק, און דער צווייטער מערדער איז דער גערטנער פונ'ם שטאדט־

---

— וואס איז? וואס איז? וואס האט זיך דא געטראפען?

און געטראפען האט זיך א קליינינקייט, א סלאי איינגעמאכטס וואס מיין חיה עטיל האט געפיהרט מיט זיך קיין אויסלאנד, האט זיך אינוויינינ אין דער קארזינע פאוואלינקע אויבען אויף דער פאליצע צעבראכען, אויסגעגאסען זיך און דורכגערונען דורך דער שטרוי פון אויבען אראפ גלייך אויפ'ן הוט און אויף דער ווייסענער בלוזע און אויף די איבעריגע מלבושים פון דער אומגער דאמע, וואס איז ווי צוגעפאפט געווארען צו דער באנק. פון די היזקות, וואס מיר אליין האבען דערפון געהאט אין דער קארזינע גופא רעד איך שוין ניט. איך שמועס נאר פונ'ם בזיון פאר דעם גאנצען פרעמדען עולם וואס אין וואגאן, וואס איטליכער פון זיי האט געזאגט איין אנדער ווערטל, איינס פלאטשיגער פונ'ם אנדערען. איינער א יונגערמאן מיט בלויע ברילען מיט א שאפען קעפל פון געלע ליסינע און מיט גראבע ליפען, וואס האט זיך געהאלטען פאר א גרויסען פארשוין, מחמת ער האט ניט אויפגעהערט צו גלעטען זיך די וואנסים און קוקען בשעת מעשה אין א קליין שפיגעלי, האט א זאג געטהאן, אז די דאזיגע דאמע בעדארף איצטער זיין זיס ווי טיינאכץ מיט האניג, און האט אליין זיך צעלאכט פון דער חכמה. דער אנדערער, דווקא איין אלטער יוד א גראבער מיט א מאסיווע גילדערנע קייט אויפ'ן בויך און מיט א גראבע שמעקענדיגע סיגאר אין די ציינער, האט געזאגט נאך גרעבער פון יענעם יונגען מאן, און דער גאנצער וואגאן האט אויסגעשאסען א געלעכטער.

געלאכט האבען נאר נישט די דאמען, וואס מיט אמאל איז דאס גוט פריינדשאפט צווישען זיי געפלאצט ווי א בלאז, צעווייעט געווארען ווי א רויך, אוועק ווי א חלום. די אומגער דאמע געביך, וואס האט געפייערט ווי א גזלן און געמוזט נאך איינהאלטען זיך פאר בושה, האט בשום אופן ניט געקאנט פארשטעהן ווער קאן דאס זיין א בעלן פיהרען מיט זיך איינגעמאכטס קיין אויסלאנד? דערויף האט איהר מיין חיה עטיל, וואס האט געפייערט ניט ווייניגער פון איהר, זעהר גלייך אפגעענפערט, אז איטליכער האט זיך זיין נוסח: איינער פיהרט מיט זיך איינגעמאכטס, דער אנדערער קרייד...

איך מיין אז די אומגער דאמע האט זיך אנגעשטויסען וואס מיין חיה עטיל מיינט, מחמת אויף דער ערשטער סטאנציע האבען זיי ביידע מיט'ן יעהופעצער ווייבעל צענויפגענומען זייערע זאכען און האבען אהן א זיי געזונט זיך איבערגעפעקעלט אין איין אנדער וואגאן און האבען אונז בעפרייט צוויי ערטער.

— און ווער איז שולדיג אז ניט דו?...

איך לאז איבער דעם לעזער, ער זאל אליין טרעפען וועמען געהער די דאזיגע פראזע: מיר, צי מיין חיה עטלין?



גארטען, מיט דעם נאמען סאבא אנטאן טישטשענקא, און די מערדער האבען באין ברירה זיך שוין געמוזט מודה זיין און אויך אוועקגעשיקט האט מען שוין די ביידע מערדער קיין אדעס אין דעם געפענגעניש — דא שווייגען אלע יענע „עהרליכע" און „ארענטליכע" און „כשר'ע" בלעטער. מען זאל דאס חאטש א פיפס געבען! מען זאל דאס חאטש דערמאנען אפילו נאר די טעלעגראמע אליין!

אך, ווי נעהט זיך אפט די גרינגע גאל איבער פאר אונזער גאנצער קולטורא און פאר דעם גאנצען פארטשריט און פאר די גאנצע בילדונג! וואו לעבען מיר אייגענטליך? ווער און וואס אייגענטליך זענען די מענשען, וועלכע רינגלען אונז ארום? — זעהר אפט מוז ביי איינעם דער געדאנקען קומען, אז ביי די ווילדע אין מדבריות מוז עס בעסער זיין; די ווילדע אין די ווייטע אינזלען זענען ריינער און בעסער און עהרליכער.

און דא קומט דער לייטארטיקעל־שרייבער פון דער צייטונג „הזמן" (נומער 50) און מיט תמימות פון א קינד האלט ער וכוחים מיט זיי, מיט יענע מיני צייטונגען הייסט עס:

„אין די רוסישע צייטונגען האבען מיר יענע נאכריכט נאך נישט געלייענט, און עס איז קיין שום ספק נישט, אז ווען עטליכע פון די צייטונגען וועלען אפילו ברענגען די ידיעה — וועלען זיי זי דרוקען מיט קליינטשיקע אותיות צווישען אנדערע ידיעות איבער רציחות, און ווער לייענט דען אלע ידיעות איבער מארד, גנבה א. ז. וו.? ווי טרויריג איז עס, אז די צייטונגען וואס האבען געדרוקט אלע פרטים פונ'ם מארד אין דובאסאר: ווי די יודען האבען דאס בלוט ארויסגענומען א. ז. וו. — מאכען זיך יעצט כלומר'שט ווי געפגר'ט, און זייערע לעזער, פון וועלכע דער גרעסטער טייל איז דער המון, ווייסען גאר נישט, אז יעצט איז דער אמת שוין ארוים און מען ווייסט שוין ווער די מערדער זענען".

און דער שרייבער, נאך דעם ווי ער קומט אליין צו דער איינזיכט, אז עס איז גאר נישט כדאי, זיך מיט די שונאים אין וכוחים און פלפולים אריין צו לאזען, חאפט זיך פארט באלד צו דער ליבער מלאכה און זאגט, אז ביי עלילת דם מוזען מיר זיך אנדערש נוהג זיין. עלילת דם איז איין אויסנאהם פון אלע אנדערע בלבולים. מען מוז נ י י ט י ג ע ן די צייטונגען, וועלכע האבען געדרוקט דענסטמאל די פרטים פון דער רציחה אין דובאסאר, זיי זאלען דרוקען איצט דעם אמת.

„די קהלה פון דובאסאר מוז זיך משתדל זיין, און דער רב פון דארט מוז איינגעבען א פראשעניע, אז די פרטים פון דער רציחה אין דובאסאר זאלען אפיציעל אין אלע צייטונגען מוזען געדרוקט ווערען".

אך ווי נאאיוו זענען נאך אפט אונזערע צייטונגס־שרייבער! זיי מיינען אז מען קרייזעלט פון דרויסען די פאות, האט דאדורך אויפגעהערט אונטער זיי דער שחין צו זיין. זיי ווילען נישט פארשטעהן דעם גרונד פון וואנען ער בליהט. עס וועט נאך קומען א צייט, אז איינער פון אונזערע עצה־געבערס וועט אונז הייסען שרייבען א פראשעניע מיט מאה חתימות צו דער קאץ, אז זי זאל זיך מתחייב זיין, נישט קיין פוטער צו נאשען; לכל־הפחות זאל זי עס אהן א ברכה נישט טון. עס וועט נאך קומען א צייט ווי מען וועט הייסען דעם רב, ער זאל מתרה זיין די חיות רעות אין וואלד, אז באם זיי עסען אמאל א שטיקל מענשליך פלייש, זאלען זיי עס למען השם פריהער אויסזאלצען און כשר'ן. די הויפטזאך איז — אפיציעל.

---

אנדערע צייטונגס־שרייבער — אנדערע מנהגים, און דווקא נישט מעהר אזוי נאאיוו.

די „הצפירה", אונזער ליבע, אלטע, קלוגע בעל־הבית'טע מיט אלע מיני שליסעלעך ביים פארטוך, האט געבראכט פאר איהרע אייניקלעך די מתנה, וועלכע זי האט זיי שוין לאנג צוגעזאגט: א מאסף (זאמעלבוך) צו דעם דרייסיגסטען יאהר פון איהר ערשיינען. דער מאסף איז אביסל קליין: א דין, קליינטשיק ביכעלע פון נאר צוויי בויגען. די „הצפירה" האט א פנים רחמנות געהאט אויף איהרע לעזער, זיי זאלען נישט דארפען אין אזאלכע גרויסע היצען שלעפען א צו שווערע משא און אפשר זיך גאר דערשוויצען לייענענדיג. זי איז מבטיח צו געבען דעם רעשט ביסלעכווייז, אלע מאל א בויגען אדער צוויי; קליינע פארציעס מאכען נישט קאליע דעם מאגען.

אין דעם „מאסף" גיט נ. ס., דער רעדאקטאר פון „הצפירה", אין א גרויסען ארטיקעל די געשיכטע פון „הצפירה" זייט איהר ערשט בלעטל ביז אויף דעם היינטיגען טאג, און אויך פאטאגראפישע אנזיכטען פון פארשידענע נומערן „הצפירה" צו פארשידענע צייטען. דער ארטיקעל איז אינטערעסאנט נישט נאר בנוגע צו „הצפירה", נאר אויך בנוגע צו דער ענטוויקלונג פון דער אידעע פון צייטונגען ביי יודען. די אידעע פון צייטונגען ביי יודען, איז — לויט דער מיינונג פון ה' נ. ס. — געבוירען געווארען דאדורך, וואס די משכילים האבען די „השכלה" געוואלט אריין ברענגען אויך צווישען די פרומע און דאדורך וואס זיי האבען ארויסדערקענט, אז דער איינציגער ריכטיגער מיטעל דערצו איז — די העברייאישע שפראך.

„דערצו קומט נאך דאס געפיהל פון דער נויטווענדיגקייט צו וועלען וויסען אלריינג וואס טוט זיך ביי יודען. איבער אלע יענע טעמים, וועלכע מיר האבען דערמאנט אויבען, וואלט מען זיך אפשר בעגנוגען אויך דאמיט וואס מען וואלט בעשאפען א ליטעראטור בכלל; עס וואלט אויסרייכען דאצי וואס מען וואלט אפטמאל ביכער ארויסגעבען, אדער גאר שוין עפענטליכע בריף. אבער אזוי ווי עס איז צוגעקומען דער לעצטער טעם. אזוי זענען שוין די אנפאנגס־הקדמות פארנעבריית געוועזן צו בעשאפען א צייטונגס־ליטעראטורא".

און דאן ווייטער:

„ווי עס האבען זיך פאראייניגט אלע יענע טעמים. דא זענען פון זיי די יודישע צייטונגען בעשאפען געווארען; נישט א יש מאין, נאר א יש מיש".

די פילוסופיה איז א זעהר טיעפע. יש מאין, יש מיש, אין מיש, אין מאין. סע קאן זיין. אבער איז נישט פיעל איינפאכער, אז מען זאל זאגען, דאס אלעס איז געשעהן גאר אהן א שום פילוסופיה? אז דער הויפטגרונד איז געוועזן די אפען־נאטור פונ'ם מענשען, דער ווילען אלדינג נאכצומאכען? — אז מען וואלט ביי מיר פרעגען, וואלט איך בודאי ובודאי זאגען אזוי: ובכן ויהי בישורן מלך, עפיס איז געוועזן א יוד, זילבערמאן האט ער געהייסען, א שוחט איז ער

געוועז, האט דער יוד געוואהנט אין א קליין שטעדטל, אין ליק, ביי דער גרענעץ פון רוסלאנד; איז אין דעם שטעדטל, אזוי ווי אין יעדען דייטשען שטעדטל, כמעט מששת ימי בראשית אן א קליין בלעטל ארויסגעגאנגען, מיט דעם נאמען „ליקער וואכענבלאט“, אונ וועלכען עס האבען אלע ליקער שניידער אונ שוסטער אונ בעלי־בתים געלייענט; האט דער יוד אמאל ביי נאכט נישט געקאנט שלאפען, איז דעם יוד ביי נאכט עפיס א געדאנקען איינגעפאלען עפיס א שטיקל עסק, וואס איז נישט ערגער פון שחיטה, איז דער יוד אויפגעשטאנען, האט דער יוד געמאכט עטליכע הכנות — אונ אזוי איז געדרוקט געווארען דער ערשטער נומער פון דער ערשטער יודישער צייטונג „המגיד“. וואס שפעטער האט זיך געמאכט — דאס ווייסען אלע, אונ אפילו אזעלכע וואס פילאזאפירען נישט. די אפען־נאטור האט געלאזען נאכמאכען באלד דעם „המליץ“, באלד דעם „הכרמל“, באלד די „הצפירה“. אז יעדער פון די נאכמאכערס האט פארבונדען מיט דעם ריין־פראקטישען גרונד אויך זיין אייגענעס, אידעאלען גרונד, אונ האט זיין צייטונג געגעבען דעם כאראקטער, וועלכער גלייכט זיך אוים מיט זיין אייגענער בילדונג אונ זיין אייגענע אידעאלע אנזיכטען — דאס פארשטעהט זיך פון זעלבסט.

ה׳ נ. ס. בעמיהט זיך ווייטער צו בעווייזען, אז אויך שפעטער, ווי די יודישע וואכענבלעטער זענען געווארען יודישע טאגבלעטער

„האט נישט די לייכטזיניגע קאנקורענציע געצוואונגען די יודישע וואכענבלעטער צו ווערען טאגבלעטער, נאר — די נויטוועגדיקייט אונ דער ווילען צו עקסיסטירען, וועלכער איז נאטירליך ביי יעדען יחיד אונ ביי יעדער זאך“.

כ׳לעבען, זעהר שען געזאגט! אבער וואס נוצט דאס פילא־זאפירען אונ דאס פיעל ווערטער־מאכען, אזוי לאנג ווי עס זענען דא מענשען, וועלכע פילאזאפירען גאר נישט, אונ וועלכע זאגען, אז „קאנקורענציע“ אונ „נויטוועגדיגקייט אדער ווילען צום עקסיסטירען“ זענען ממש איין אונ דערזעלביגער בעגריף?

---

אים דעמזעלבען „מאסף“ געפינען מיר אויך דעם אנפאנג פון א ביאגראפיע פון מ. ז. פייערבערג.

ווער איז פייערבערג? — פייערבערג איז א יודישער יונגערמאן, וועלכער איז געשטארבען פון טשאחאטקע אלט זייענדיג 2—23 יאהר, אונ האט פאר זיין שטארבען נאך אנגעשריבען 2, 3 קליינע זאכען, וועלכע זענען נישט שלעכט. איבערהויפט איז פארהאנדען ביי איהם א ספר „השתפכות הנפש“, ווילדע עברי, נישט קלארע געדאנקען, האלב־חלומ׳דיגע פאעזיע. — דאס הייסט, כמעט אלעם וואס א יודישער האלב־ענטוויקעלטער, נישט קריטישער לעזער האט ליב. עס איז מעגליך, אז, ווען ער וואלט בלייבען לעבען, וואלט זיך ביי איהם אויס־ארבייטען א שטיקל טאלענט, אונ עס איז מעגליך אויך, אז נישט. יעדענפאלס מוז מען זיך וואונדערן, אז מען זעהט, וואס מען האט שוין אלץ נישט מיט דעם דאזיגען געשטארבענעם יונגען מאן אבגע־ארבייט. א ריעז פאפיער מיט ביאגראפיעס אונ מיט פילאזאפיעס איבער איהם האט מען ביז היינט שוין אנגעשריבען. דער גרינגסטער טויט איז אפט שווערער פון א פוד טאלענט.

ווי ערנסט דער ביאגראף (איך וויים נישט, ווער דאס איז) מיינט עס געביך, דאס זעהען מיר דערפון, ווי ער דערצייהלט אונז פון די נסיעה, וועלכע פייערבערג האט אמאל געמאכט קיין ווארשא. אין ווארשוי האט ער געגעבען הערן סאקאלאוו זיין כתב־יד צו לייענען, הער סאקאלאוו האט אבער נישט געלייענט, ווייל דער כתב איז נישט געוועז קלאר. ה׳ פרץ איז געוועז צופעליג דארט אין דער רעדאקציע פון „הצפירה“, האט איהם סאקאלאוו איבערגעגעבען די שירים פון דעם יונגען מאן, אום זיין אורטייל צו הערען. האט פרץ אויף זיי געזאגט, אז זיי זענען גרינגע פירות. אבער

„דארט אין דער רעדאקציע האט ער (פייערבערג) גע־רעדט בערך א גאנצע שעה מיט דער מאדאם סאקאלאוו אונ מיט הערן מ. וועבער. וועלכער האט איהם געגעבען א בריף צום ביבליאטעקער פון דער סינאגאגען־ביבליאטהעק אין ווארשא, אז מען זאל איהם לאזען דארט לייענען. אין דער ביבליאטהעק האט ער זיך בעקענט אויך מיט הערן שפ״ר.

נייעט אמת, וויכטיג ביאגראפיש מאטעריאל?

ווען אבער נישט אלעמאל וויכטיג, טא געפינען מיר אין דער־זעלביגער ביאגראפיע מאנכע שורות, וועלכע ווירקען זעהר סימפאטיש.

דער ביאגראף דערצייהלט אונז, ווי פייערבערג איז בחור וויין געוועז

„לוסטיג אונ פרייהליך, אונ האט אין די פרייע שטונדען ליב געהאט צו שטיפען מיט די חברים אונ צו מאכען פאר־שידענע קונדסרייען. ער פלעגט די שטענדערם אין בית־המדרש אוועקלעגען איינעם איבער דעם אנדערען, אונ פלעגט גאר פיין אונ זעהר געשיקט אריבערשפרינגען. אויך ביים שווימען איז ער געווען שטארק אויסגעלאסען. האט געקאנט גוט שווימען אונ האט זיך געצייהלט פון די בעסטע שווימערס. צווישען די קלויז־לייט איז נישט געווען קיין איינציגער, מיט וועלכען פייערבערג האט נישט געקאנט האלטען א מלחמה אויף דעם וואסער. אין די לאנגע ווינטערנאכט, אז מען איז די גאנצע נאכט אויף גע־בליבען אין קלויז אונ מען האט געלייענט, געלערנט אונ ארומגעפילדערעוועט, האט מען פלוצלינג געהערט פייערבערגס שטימע: קומט, חברה, וועלען מיר מאכען מענשען אוים שניי! אונ ער איז געווען דער ערשטער וועלכער איז פאראוים געלאפען מיט מסירת נפש אונ מיט א שמחה של מצוה. ער האט זעהר ליב געהאט צו מאכען קוילען אוים שניי אונ זיי צוווארפען אלעמען אין קאפ אריין“.

נישט אמת, גאר נישט יודישליך? — ווי קומט עס צו א יודישען בחור? ווי קומט לעבען צו א יודיש קינד? ווי קומט עס צו איינעם, אוים וועלכען עס איז גאר ארויסגעקומען א יודישער שריפט־שטעלער? — עס איז דאס שענסטע, וואס איך האב ביז צום היינטיגען טאג געלייענט אין א ביאגראפיע פון א יודישען מחבר!

לעקטאר.

---

# פאליטישע ענינים.

(דער פראנצויזישער פרעזידענט אין לאנדאן. דער נייער פאפסט. די לאגע אויף דעם באלקאן. די קרוין פונ׳ם נייעם סערבישען קעניג).

די צוויי גרויסע אייראפייאישע פעלקער ענגלאנד אונ פראנקרייך לעבען שוין זייט פיעל יאהרען ניט גאנץ אין שלום. אז פראנקרייך האט געהאט די מפלה אין יאהר 1871 ביי סעדאן

האט זי נישט געזוכט זיך צו פעראייניגען מיט ענגלאנד, נאר מיט רוסלאנד, אונ די אלטע שנאה, וואס האט נאך געגליהט אין די פראנצויזישע הערצער פון די גרויסע מלחמה אין יאהר 1812, וואו נאפאלעאן דער ערשטער האט געהאט אזא גרויסע מפלה, איז אין גאנצען פארלאשען געווארען. די פריינדשאפט צווישען פראנקרייך מיט רוסלאנד אונ די שנאה צווישען פראנקרייך מיט ענגלאנד איז אלץ גרעסער אונ גרעסער געווארען. איבערהויפט איז די שנאה נאך שטארקער געווארען, ווען ענגלאנד האט אין יאהר 1885 געשאסען אויף אלכסנדריא של מצרים אונ איהרע סאלדאטען שוין נישט מעהר געוואלט ארויסנעהמען פון עגיפטען. די פריינד פון שלום האבען זיך דעריבער שטארק געשראקען, אז ביי די קלענסטע געלעגענהייט וועט אויסברעכען א מלחמה צווישען די ביידע געבילדעטסטע פעלקער אין אייראפא. אט דעם שרעק האט איצטער פארטריבען דער ענגלישער קעניג עדוארד דער זיבענטער מיט זיין רייזע. וואס ער האט געמאכט אין פאריז אונ נאך מעהר מיט זיין פריינדליכער אויפנאהמע, וואס ער האט אויפגענומען דעם פראנצויזישען פרעזידענט לובע אין זיין הויפט-שטאדט לאנדאן. דאס ענגלישע פאלק האט אבגעטיילט גרויס כבוד דעם פראנצויזישען גאסט אונ זיך זעהר געפרייהט מיט איהם.

ביי דעם פראנצויזישען פאלק, וועלכעס איז זעהר צופרידען מיט דעם כבוד, וואס ענגלאנד ווייזט זיין פרעזידענט, איז אבער די שמחה נישט פארפול אין גאנצען. ווארום איינער פון זיינע בעסטע פריינד, פאפסט לעא איז געשטארבען אונ ווער ווייסט אויב דער נייער פאפסט, וואס מען האט אין קאנקלאוו (די קאמיסיע פון קארדינאלען וואס קלויבט אויס א נייעם פאפסט) אויסגעקליבען וועט אויך פראנקרייך אזוי טריי זיין אונ וועט אויך גלייך מיט לעא דעם 13־טען איינשטילען דעם כעס פון די קאטוילקען, וועלכע ווערען אין פראנקרייך די לעצטע צייט אזוי שטארק פערפאלגט. דער קאנדידאט ראמפאלא האט אפילו געהאט אנהענגער אונ ער, אלס פריינד פון רוסלאנד וואלט אויך זיין א פריינד פון פראנקרייך; אבער די דייטשע רעגירונג בעמיהט זיך דורך איהר געזאנדטען, וואס זי האט כלומר'שט געשיקט געוואהר ווערען, וואס דער פאפסט מאכט, מען זאל אויסקלייבען פאר א פאפסט איינעם פון די דריי קארדינאלען וואנוטעלי, גאטי אדער אליארדי, וועלכע שטעהען זיך גוט מיט דייטשלאנד אונ דער עיקר וויל זי פועל'ן, מען זאל נישט אויסקלויבען דעם קארדינאל ראמפאלא, וועלכער וועט איהר געוויס שטערען אין איהר פאליטיק מיט די פאלאקען אין דער פראווינץ פויזען.

די פראגע וועגען נייעם פאפסט בעאונרוהיגט נאר די צוויי פיינדליכע רעגירונגען פראנקרייך אונ דייטשלאנד. די פראגע אבער אויף דעם באלקאן בעאונרוהיגט אלע אייראפייאישע מלוכות אונ דעריבער ווערד יעדע קלענסטע בעוועגונג אין בולגאריע, מאקעדאניע אונ אלבאניע אזוי ערנסט בעהאנדעלט, יעדער פולווער-שאס, וואס הערט זיך אין ערגעץ א דערפל אין דעם אדער אין דעם אנדערען ווילאעט (גובערניע) הילכט אב אין גאנץ אייראפא אונ ווארפט אן א פחד אויף אלע, וואס שרעקען זיך פאר א מלחמה.

ווייניגער אבער פערנעמט זיך אייראפא מיט די לאגע אין סערביע, וואס די ערשטע צייט האט מען פון איהר צופיעל גערעדט, כמעט אלע מלוכות האבען אויסגעדריקט זייער וואונש, אז מען זאל די רוצחים בעשטראפען. ענגלאנד האט אפילו איהר געזאנדטען פון דארט ארויסגענומען. דער נייער קעניג אבער, ווי עס ווייזט אויס, קימערט זיך מיט די מיינונג אין אייראפא גאנץ ווייניג אונ האט דעריבער איינעם פון די הויפט-רוצחים, דעם קאמענדאנט מישיטש געמאכט פאר א מיטגליד אין קריגס־מיניסטעריום. קעניג פיאטער קאראגעארגעוויטש איז א פראקטישער מענש, ער ווייסט, אז חאטש אייראפא האט אויסגעדריקט איהר פערלאנגען, אז מען זאל די רוצחים שטרענג בעשטראפען, וועט זי צוליב דעם די שווערד פון שייד נישט ציעהען. די רוצחים אבער אין סערביע, וועלכע האבען איהם מיט בלוט אבגעראמט די וועג צום ווערען קעניג, וועלען ביי די ערשטע געלעגענהייט זייערע שווערטער בענוצען אונ בעהאנדלען זייער נייעם קעניג ווי זיי האבען זייער פריהערדיגען יונגען קעניג בעהאנדעלט. קעניג פיאטער איז נישט א הערשער איבער זיין פאלק נאר א קנעכט ביי זיינע מיניסטארען אונ נישט א קרוין נאר א שווערע לאסט האט ער אויף זיין קאפ ארויפגענומען, א לאסט, וואס ער מוז עס שטענדיג מיט אימת מות היטען, מען זאל עס פון איהם נישט אראבררייסען.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— דער פאפסט לעא דער דרייצעהנטער איז געשטארבען מאנטאג דעם 20 יולי זייגער 4 נאך מיטאג. ער איז אלט געווען 94 יאהר אונ איז געווען פאפסט 25 יאהר.

— אין פעטערסבורג האט די פאליציי ענטדעקט א באנדע שנארער, וואס וואנדערן ארום פון איין שטאדט אין דער אנדערער. די שנארער זענען גריכען, זיי גנב'נען צו קינדער אונ מאכען זיי פאר קאליקעס ווי: שטומע, הינקעדיגע אונ שיקען זיי דערנאך אין די הייזער צו בעטען נדבות.

— דאס מיניסטעריום פאר פאלקס־בילדונג האט ערלויבט אין איינינע זעמסטוועס צו מאכען וואנדער שולען, דאס הייסט אזוינע שולען וואס די לעהרער פאהרען ארום אויף דעם לאנד אונ לעהרנען מיט די דארטיגע שילער.

— אין פיעלע שטעדט, וואו דער טייך ווייכסעל געפינט זיך, איז מען מודיע, אז דארטען איז געווען פון די פיעל רעגען'ס שרעקליכע איבערשוועמונגען. גאנצע גאסען, וואס ליגען אין דער נידער, זענען פערטרונקען געווארען אונ די איינוואהנער האבען געמוזט דארטען ארום פאהרען מיט שיפלעך, אין פיעל שטעלען האט עס ארונטערגעטראגען בריקען פון דער באהן אונ מחמת דעם האט דער צוג נישט געקאנט געהן. עס האט אויך זעהר פיעל שאדען געמאכט אין די תבואות.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** א בעלגישע געזעלשאפט האט געבעטען דאס קריגס־מיניסטעריום, עס זאל איהר ערלויבען איבערצומאכען די פערד טראמווייען אין ראסטאוו אם דאן אויף עלעקטרישע טראמווייען, דאס מיניסטעריום האט עס ערלויבט מיט דעם תנאי, אז צווישען די בעאמטע אויף דער טראמוויי זאל קיין איינציגער יוד נישט זיין.

— דער רוסישער קייזער האט ערלויבט, לויט די פארשטעלונג פון מיניסטער דעם אינערן אין נאמען פון דעם ווילנער גענעראל גובערנאטאר פירסט סוויאטאפאלק־מירסקי, דעם אדוואקאטען שמואל וואלירשטיין אויס ווילנא צו וואהנען אין גאנץ רוסלאנד, פאר זיינע ניצליכע ארבייט, וואס ער האט פאר דעם לאנד געטהאן.

— ה' מארקוס ברוין, וואס די אמעריקאנישע רעגירונג האט געשיקט קיין רוסלאנד, פאהרט איצט ארום אין דער „טשערטא" און ערקונדיגט זיך וועגען די סבה, וואס די יודען עמיגרירען קיין אמעריקא.

— דער סענאט האט ערקלערט, אז די פערוואלטונג פון דער גובערניע האט נישט דאס רעכט אבצוזאגען א יחיד, וואס פערלאנגט מען זאל איהם ארויסגעבען געלד פון דער פליישן־קאראבקע, ווייל ער איז פאראומגליקט געווארען דורך א שרפה, אויב די יודישע געמיינדע הייסט איהם יא געבען.

בולגאריע. פון סאפיא (די הויפטשטאדט פון בולגאריע) שרייבט מען, אז דארטען זענען די קריסטען בעפאלען אויף די יודישע הייזער און קראמען און האבען אויסראבירט די סחורות און צעבראכען די מעבעל.

---

# די אמת'ע רוצחים פון דובאסארער בלבול.

אונזערע לעזער ווייסען שוין, אז מען האט געחאפט די אמת'ע רוצחים פון דעם קריסטליכען יונגעל ריבאלענקא אויס דובאסאר. מיר ברענגען דא אויספיהרליכער ווי אזוי מען האט די מערדער געפונען.

איינער פון די געהיים-פאליצייי אין חערסאנער גוב. מאטוויעוו, איין ערענטליכער און קלוגער מענש, האט זיך פארשטעלט פאר איין ארימען יודען און דריי וואכען איז ער ארומגעגאנגען צווישען די דובאסארער יודען און האט זיך איבערצייגט, אז די יודען זענען אומשולדיג. ער האט זיין מיינונג וועגען די יודען געזאגט דעם חערסאנער גובערנאטאר און דער אבערפראקוראר פון אדעסא האט איהם ערלויבט צוריקצופאהרען קיין דובאסאר, ער זאל דארטען ביי די קריסטען חוקר ודורש זיין, ער האט זיך ווידער פאר א קריסטליכען ארעמאן פארשטעלט און האט זיך בעקאנט געמאכט מיט פארשיעדענע קריסטען און איז צוזאמען מיט זיי געגאנגען אויף ארבייט און צום סוף אויך מיט דער פאמיליע ריבאלענקא און האט א מיידל פון דער דאזיגער פאמיליע צוגעזאגט, אז ער וועט מיט איהר חתונה האבען, ער האט איהר דערצייהלט, אז ער האט א סך געלד, דען ער איז געוועזען צווישען די קישינובער פאגראמשטשיקעס, אז ער פארשטעלט זיך נאר פאר איין ארעמאן, און האט איהר געשאנקען א סך מתנות. די עלטערן איז דער שידוך געפעלען געווארען און האבען איהם בעטראכט אלס צוקינפטיגען איידעם און האבען איהם דעריבער געלאזט מיט איהר זיך אונטערהאלטען און פון איהר איז ער דערגאנגען, אז ריבאלענקאס א פעטער, מיחאיל, האט עס געטאן צוזאמען מיט דעם וועכטער פון גארטען אנטאן טישענקאוו, כדי ער זאל קענען ירשנען דאס פארמעגען פון דעם אלטען ריבאלענקא. אויך האט ער זיך דערוואוסט, וואו עס ליגט דער פעלץ, וואס דער מערדער האט געטראגען בשעת דער רציחה, אויף וועלכען עס געפינען זיך בלוט-פלעקען. אז ער האט זיך דאס דערוואוסט האט ער זיך בעקאנט געמאכט מיט דעם וועכטער טישענקאוו און פלעגט אפט מיט איהם צוזאמען טרינקען און שמועסען, אזוי לאנג ביז דער וועכטער איז מיט איהם זעהר גוט בעפריינדעט געווארען, דערנאך האט ער אנגעהויבען אין יעדען שמועס אריינצומישען וועגען דעם דערהרג'עטען ריבאלענקען און יעדעס מאל ווען דער וועכטער פלעגט פון דעם רעדען פלעגט ער ווערען אלערליי קולירען. איינמאל האט ער דעם וועכטער געגעבען א סך צו טרינקען און אז דער וועכטער איז שוין געוועזען רעכט פריילייך האט ער ווידער אנגעפאנגען מיט איהם צו רעדען וועגען ריבאלענקען און האט בעשולדיגט די „זשידעס", אז זיי האבען גע'הרג'עט איין אונשולדיג קינד. דערביי האט זיך דער וועכטער פלוצלינג אויפגעהויבען פון ארט און געשריגען: נישט די יודען האבען געמארדעט ריבאלענקען, נאר זיין אייגענער פעטער האט איהם פאר מיר אין די אויגען דערהרג'עט דא אין הויז. דערביי האט ער דערצייהלט, ווי אזוי דער פעטער האט דעם יונגל פארפיהרט, ווי ער האט איהם אריינגענארט אין גארטען און איהם געגעבען א סך ווייץ צו טרינקען און דערנאך איהם מיט גרויס אכזריות געשלאגען מיט א שטיק האלץ איבערן קאפ ביז דאס יונגעל איז געפאלען דערנאך האט ער איהם נאך מיט א גרויסען שארפען מעסער צעשניטען אין פיעל ערטער, דערנאך האט ער איהם צוגעשלעפט ביז'ן טייך און איהם דארט אריינגעווארפען, ערשט אין אפאר טעג שפעטער האבען די יונגלעך פון דער שטאדט דערזעהן א קאפ שווימען אויף דעם וואסער און האבען זי ארויסגענומען און אוועקגעלעגט אין דעם גארטען, וואס איז באלד דערביי.

אז דער וועכטער האט דאס אלץ דערצייהלט האט ער דעם פאר־שטעלטען געהיים-פאליציסט גזבעטען, ער זאל דאס האלטען בסוד סודות,

ווען מאטווייעוו האט זיך דאס אלץ דערוואוסט איז ער מיט אמאל פארפאלען געווארען און אין דריי טעג ארום דאנערשטאג י"ד תמוז איז ער געקומען שוין אנגעטאן אין פארמענע קליידער און מיט זיך געבראכט פרעמדע פאליציי, דען די שטעדטישע פאליציי האט ער נישט געטרויט. ער איז בעפאלען מיחאיל'ן ביי דער ארבייט אויפ'ן פעלד און איהם אוועקגעשיקט אין די דערבייאיגע שטאדט קריוועצאן, וואו מען האט איהם ארעסטירט און מען האט קיינעם נישט געהייסען צו לאזען צו איהם. ער האט אויך געפונען דעם בלוט בעפלעקטען פעלץ און האט איהם איבערגעגעבען דעם שטעדטישען דאקטאר, וועלכער האט דערקענט, אז דאס איז פלעקען פון מענשען בלוט.

פרייטאג ט"ו תמוז האט מען אויך ארעסטירט דעם וועכטער טישענקאוו מיט דער פרוי. דער וועכטער האט זיך צוערשט געלייקענט, נאר דערנאך, אז מען האט איהם אנגעהויבען איינרעדען און צוזאגען אז לכל היותר קאן איהם קומען א חדש זיצען אין מאנאסטיר, האט ער דערצייהלט, אז דער פעטער מיחאיל האט איהם צוגעזאגט א חלק ירושה, און אז ער האט דערזעהן, אז מיחאיל שניידט דעם הרוג נאך מיט א מעסער, האט ער איהם געפרעגט צו וואס ער טוט דאס, האט איהם דער פעטער געענטפערט. אז דערצו איז דא נאך א צוועק, וואס ער וועט שפעטער דערפון זיך דערוויסען. ער אבער, אנטאן, האט איהם נאר געהאלפען אויסטון דעם הרוג די קליידער, איהם ארומוואשען גוט און איהם אריבערוואר‌פען איבער דעם פארקאן פון גארטען.

שבת ט"ז תמוז האט מען דעם וועכטער ווידער גענומען צו א סליעדסטוואו, ער האט נאך אמאל בעשטעטיגט די פריהערדיגע רעד.

זונטאג י"ז תמוז איז געקומען דער פראקוראר מיט דעם סליעדאוואטעל פון אדעסא און די פאליציי און דער וועכטער האט זיי געוויזען דאס ארט וואו די רציחה איז געוועזען, וואו דאס בלוט איז באגראבען און דעם בוים אן וועלכען מיחאיל האט זיך זיינע בלוטיגע הענט אבגעווישט.

די רוצחים האט מען געשלאסען אין קייטען און מען האט זיי אוועקגעשיקט אין דער אויעזדנער שטאדט טיראספאל, וואו זיי וועלען זיצען אין אסטראג ביז זייער משפט וועט זיין

---

## ידיעות וועגען קישינוב.

— דער איספראווניק פון קישינוב האט געשיקט א צירקולאר צו אלע בעאמטע פון קישינובער אויעזד, אז אזוי ווי נאך דעם פאגראם, וואס איז געוועזען דעם 6 און 7 אפריל, זענען פיעל יודישע פאמיליען ארויס פון קישינוב און זיך בעזעצט אין די ארומיגע דערפער, וואו זיי טארען נישט וואהנען לויט די געזעצע פון 3 מאי 1882, זאלען די פריסטאוועס מאכען א שטרענגע אונטערזוכונג און די יודען וואס טארען אין די דערפער נישט וואהנען באלד ארויסשיקען.

— די ווינער אליאנץ (כל ישראל חברים) האט ביז דעם 16 יולי צונויפגענומען פאר קישינובער פאראומגליקטע יודען 203.000 קראנען.

— לויט דעם בעפעהל פון נ. א. טשאפלין, דער ממונה אויף דעם ערשטען געריכטס דעפארטאמענט, וועלכער איז געקומען פון פעטערסבורג און האט איבערגעקוקט די סליעדסטוועס וועגען פאגראם, האט מען ארעסטירט דעם דוואריאנען באליאנסקי, דערפאר וואס ער האט צוזאמען מיט דעם נאטאריוס פיסארזשעווסקי אונטערגעהעצט דעם פעבעל צו רויבען און שלאגען די יודען.

— די צייטונג וויעד. אדעס. גראד. שרייבט, אז דאס מיניסטעריום דעם אינערן האט אבגעזאגט די בקשה פון דעם אדוואקאט ה' מאחריקא, אז מען זאל איהם אומקעהרען דעם שאדען, וואס ער האט געהאט אין דער צייט פון די קישינובער אונרוהען געגען יודען.

— אין סאפיא, די הויפטשטאדט פון בולגאריע, האט מען פון די דארטיגע יודישע קהלות די אשכנזי'שע און די ספרדי'שע צוזאמענגענומען פאר קישינוב 1988 פראנק. אויך אין די איבריגע שטעדט פון בולגאריע האט מען געזאמעלט געלד צו דעם צוועק.

— דער נייער גובערנאטאר פון קישינוב פירסט אורוסאוו האט דעם דאקטאר מוטשניק און דעם אדוואקאט קעניגשאץ געמאכט א געגען-וויזיט.

— אין קישינוב זענען אנגעקומען די פערטרעטער פון יק"א ה. ד. פיינבערג און אויערבאך זיך צו דערוויסען וועגען די צושטאנד פון די דארטיגע יודען. מעןווארט דארטען אויך אויף ה' קאזעס, דער אבער-משגיח פון די ארגענטינער קאלאניעס. ווי מען רעדט זענען 200 פאמיליען גרייט צו דערלאנגען א בקשה צו יק"א, אז מען זאל זיי בעזעצען אין אנאטאליע (טערקיי).

---

## א נייער אקט

### צו דער קאמעדיע „צעזייעט און צעשפרייט“

פון

### שלום-עליכם.

---

(ענדע).

### IV-טע סצענע

דאווידקא. (צו דער מוטער) מאמע, נא דיר געלד. (ציילט איהר אויס געלד אין האנט אריין).

חוה'לי. א, זעהר גוט, מיין זוהן! איך דארף עס טאקי נייטיג האבען, דער דאקטאר... די אפטייק... אוי, דער הוסט! דער הוסט! גאנצע טעג און גאנצע נעכט... (פארהוסט זיך).

מאטקע. (נעהט צו צו דאווידקען, ציהט אויס די האנט, און חזר'ט בשעת מעשה גראמאטיקע) אימעניטעלני—דיעניגי, גענ' דאווידקא אביסל געלד, ראדיטעלני — דיעניעג, כ'דארף האבען אויף פאפיר, דאטעלני — דיענגאם און אויף פענעס און אויף טינט, וויניטעלני — דיעניגי...

דאווידקא. דיענגי, דיענגי, דיענגי! (רוקט איהם אריין א מטבע) אלע אין איין קול דיענגי!

גדליה. מיינע ווערטער. נאר דאנקען גאט, וואס איך בעדארף קיין געלד ניט האבען, איך קאן מיך שוין באגעהן אזוי, און שטעל דער גאנצער וועלט ארויס א פייג!

דאווידקא. מאמע! שיק נאך בראנפען מיט געזאלצענס צו פארבייסען, דארע קישקעס, פיפקעס, העלזלעך און אפשר טאקי לעקעך אויך.

חוה'לי. לעקעך? אויף וואס איז לעקעך?

גדליה. א לעקעך און בראנפען לכבוד וואס?

דאווידקא. גלאט אזוי, פרייליך אויפ'ן הארצען, חי נעלעבט און אפשר?... ווארט אביסל... א? מארקושא? (לאזט זיך געהן צו דער שוועסטער און צו מארקושא'ן).

חוה'לי. (צו זיך אליין) וואס איז פאר א גדולה פלוצלינג? וואס זאל דאס באדייטען?

גדליה. ס'א שרוף: זעהסט דאך אז מארקושא רעדט מיט קלארען שטיקע ווערטער...

חוה'לי. דעריבער געהען קאטשקעס בארוויס? מע רעדט דאך ניט צו דיר, וואס שטופסטו דו אריין די צונג?

גדליה. וואס זשע קאן איך טהון, אז גאט האט מיך געשטראפט? צונענומען די אויגען און איבערגעלאזט די צונג...

חוה'לי. מיין הוסט אויף דיר!

גדליה. פארנויץ געזונט!

דאווידקא. (צו מארקושאן) ווי געהטס, מארקושא ברודער? און וואס לאכט אזוי מיין שוועסטער?

מארקושא. אפנים ס'איז איהר פרייליך, און אפשר לאכט זי גאר פון מיר?

דאווידקא. פון דיר? איך פארשטעה ניט וואס דו מיינסט... נישט געוועזען דא נאך מאטוויי?

מארקושא. ער דארף דען זיין? וואס עפים פלוצלינג היינט?

קלארע. (רופט אפ דאווידקען אויף א זייט. רעדט שטיל, ציטערט מיט'ן גאנצען לייב) נו, דאווידקא, וואס הערט זיך עפים נייעס?... געוועזען ביי איהם?... געטראפען?... וואס האט איהר דארט גערעדט?

דאווידקא. געוועזן, געטראפען און גערעדט... ער דארף דא זיין אין ניבען... זאלסט דו וויסען, קלארע, וואס דו האסט צו טהון...

קלארע. וואס זשע דארף איך טהון?

דאווידקא. רעדען!... רעדען, זאגען, אלטרינג איהם זאגען! מע דארף ניט זיין קיין ווייבע קוואשע. מע דארף ניט וויינען, קלאגען, — רעדען דארף מען! רעדען ווערטער!

קלארע. ווי קאן איך רעדען, דוד? דו ווייסט אליין מיין אומגליק, געטרייער ברודער (פאלט דאווידקען אויפ'ן האלז און וויינט).

מארקושא. (צו זיך אליין) דאס מיידל איז געריהרט, ניט אנדערש, משוגע און גענוג! זי וויינט און לאכט און נאך אמאל געוויינט...

(עס עפענט זיך די טיר, עס קומט אריין מאטוויי מיט א וועלאסיפעד אין די הענט.)

## V־טע סצענע

מאטוויי. (אויסגעפוצט, מיט א נײַנעם הוט, מיט לאנגע שטיוועל, מיט וואנסים שטארק פארדרעהט ארויף, מיט א בייטשל אין דער האנט.) א? מארקושא איז אויך דא? דאווידקא, א פרעפעראנס?

דאווידקא. אויפ'ן ניכטערען הארצען געהט קיין טאנץ ניט, ווייסט דו? (צו מארקושאן) קום, יאקים, איך דארף דיר עפּיס זאגען... (דאווידקא און מארקושא נעהען ביידע ארויס פון חדר, לאזען איבער מאטווייען מיט קלארען אליין.)

מאטוויי. (געהט צו צו קלארען, גיט איהר א קוש אין האנט) גוט מארגען, קלארע, וואס ביזט דו אזוי פארזארגט?

קלארע. איך האב ווינציג וואס צו זארגען מן הסתם?

מאטוויי. אודאי, יעדער האט זיך זיינע דאגות, גלויב מיר איט־ליכער האט נעגוג. אט האב איך געהאט ערשט היינט פון מיין פאפאשא.

קלארע. וואס איז שוין ווידער?

מאטוויי. איך זאל איהם זאגען וואוהין איך געה.

קלארע. נו? און דו וואס האסט געזאגט?

מאטוויי. איך וואס האב געזאגט? איך האב איהם דערציילט דעם רעכטען פסוק.

קלארע. צום ביישפּיעל?

מאטוויי. אז איך געה אהין וואו מיר געפעלט און רעד מיט דעם וואס מיר איז ליב.

קלארע. וועמען האסט דו דערמיט געמיינט, מאטוויי?

מאטוויי. דיך, געוויינטליך.

קלארע. ליבער, טייערער מאטוויי!

מאטוויי. וואס דען? איך הער זיי אלע מיט'ן קאטער! ס'איז היינט איין אנדער וועלט געווארען! פרייהייט, פרייהייט טייערער פון אלץ! אט ווייס איך וואהל מיין שוועסטער פלארא שפּיעלט א ליבע מיט א רעכטען שאלטעק, א פראוויזאר איז ער, ניט היינט איז מארגען, א ויברח וועט מען מוזען מאכען.

קלארע. וואס הייסט דאס א „ויברח“?

מאטוויי. מע וועט אנטלויפען... און די אנדערע שוועסטער מיינע, חנה, די איז גאר צו־נ־אלדע שווארצע יאהר פארקראכען — אויף די „קורסען“ זאגט זי וויל זי פאהרען!

קלארע. נו, מע לאזט זי?

מאטוויי. וועמען הערט זי? נאר דער ברודער מיינער חיים דער איז גלאט א טפש: מיט די שוטים־ציוניסטען האט ער זיך צעניפגע־סקאמפאניעט און וויל די יודען קיין ארץ ישראל איבערפעקלען, ער זאגט אז...

קלארע. מאטוויי, פערציה, איך שלאג דיר איבער, וואס האט מיט דיר געערדט מיין ברודער היינט?

מאטוויי. דאווידקא? געהייסען איך זאל קומען, וואס איז דען?

קלארע. (ברעכט די הענט, זוכט דאווידקען) און ווייטער גאר ניט?

מאטוויי. און ווייטער גאר נימ. און פון מיין אומגליק האבען מיר געערדט.

קלארע. פון וואסער אומגליק?

מאטוויי. פונ'ם אלטען אומגליק. ווי אזוי און ווי ארוס איך זאל מיך אויסרייסען פונ'ם וויסטען שרוך... ס'איז אויף מיר איין אומגליק. איין אנשטעל און נענוג.

קלארע. איין אנשטעל? א שענער אנשטעל!

מאטוויי. איין אנשטעל, א קאמעדיע ביז א צייט.

קלארע. ביז א צייט? ביז וואסער צייט?

מאטוויי. איך דארף, פארשטעהסט דו מיך, זיי פיהרען ביי דער נאז... מסתמא ווייס איך וואס איך האב צו טהון... מסתמא האב איך דאך א חשבון...

קלארע. א חשבון? נו, און נאכדעם וואס?

מאטוויי. און נאכדעם? נאכדעם נאפליעוואט! איך שיק זיי אפ די תנאים און קום צונעהן אהיים און זאג זיי גלייך, איך האב א כלה, טהוט מיר וואס איהר ווילט, איך האב א כלה, (נעמט זי פאר די הענט) קלארע רופט מען זי.

קלארע. זיסער טייערער מאטוויי!

מאטוויי. דו מיינסט איך זאג עס גלאט אזוי? איך שווער דיר ביי מיין לעבען! (קושט איהר די הענט.)

קלארע. ליבער טייערער געטרייער! מוז דאס זיין וואס פריהער... (קוקט זיך ארום אויף אלע זייטען) און אפשר טאקי היינט...

מאטוויי. וואס איז? נארעלי! וואס האבען מיר קיין צייט ניט?

קלארע. (שטארק צעטראגען.) מאטוויי! טייערער מאטוויי! האסט מיר געשוואהרען אמאל — געדענקסט דו ווען? — אז איך מעג דיר אלעס זאגען.

מאטוויי. אלעס וואס דו ווילסט. אט האסט דו דיר מיין האנט, מיין ווארט, דאס עהרענווארט פון מאטוויי מיראנאוויטש שאלאנט (גיט איהר די האנט)

קלארע. (וויל אנהויבען עפּיס זאגען, פאלט איהם אויפ'ן האלז און וויינט) מאטוויי! מאטוויי!...

מאטוויי. קלארעסיו, דו וויינסט? וואס באדייטען דיינע טרערען? (גלעט זי ווי א קינד)

קלארע. (ברעכט די הענט, ווארפט זיך אויף אלע זייטען) ווי פיעל מאל איך קלויב מיך זאגען, ניטא קיין ווערטער, כ'קאן ניט ברענגען פאר'ן מויל! עס פאלגט מיך ניט די צונג... אוי, ווי אומגליקליך איך בין!...

מאטוויי. אום נאטעס ווילען, קלארע, האלבע ווערטער, זאג, ניט וויין, ניט רייס מיין הארץ אויף צוויי!

קלארע. אוי, וועה, מאטוויי, זיסער, הארציגער מאטוויי!... (זי פאלט איהם אויפ'ן האלז, רוימט איהם איין א סוד אויפ'ן אויהער... מאטוויי לאזט אפ הענט און פּיס, קוקט אויף קלארען, עס עפענט זיך די טיר און עס קומען אן דאווידקא מיט מארקושאן...)

## VI־טע סצענע

מארקושא. חא־חא־חא! איך הויב ערשט אן צעקייען, איך הויב שוין אן פארשטעהן!...

דאווידקא. (שטיל) קוים געשטויסען, אז דא שמוסט זיך פון א שרוך'.. (הויך) מזל טוב דיר, שוועסטער! שעם זיך ניט מאטוויי, ניטא מיט וואס צו שעמען זיך!... מאמע, הייס דערלאנגען בראנפען און פארבייסען! קלארע ווערד א כלה און נעמט א פיינעם חתן...

חוה'לי. (צו קלארען) קום אהער, מיין טאכטער, לאמיר זיך צע־קישען. (קלארע געהט צו צו דער מוטערס בעט פאלט איהר אויפ'ן האלז און וויינט.) וואס וויינסט דו, טאכטער?

גדליה. די מוטער חוה האט שוין פארגעסען אז זי אליין האט אויך אמאל געוויינט, בשעת מען האט איהר אנגעזאגט די גוטע בשורה, אז גדליה קאטשער איז איהר חתן...

מארקושא. אזוי, מאטוויי! אונ איך, בהמה, איך זאל דאס אנהויבען צו וויסען! מע דארף מיר געבען קייען שטרוי... שוין לאנג ביי דיר דער דאזיגער ראמאן?

מאטוויי. (צעטראגען) שוין לאנג? אהא! איין אפגערעדטע זאך ביי אונז פון ווייס איך ווען!...

מארקושא. נו, אונ מיט דער כלה וואס וועסט דו טהון? דו האסט דאך שוין א כלה ביז הונדערט צוואנציג יאהר.

מאטוויי. א כלה? איך שענק זי דיר אוועק מיט רב משה'לין אינאיינעם. (שפאצירען ארום ביידע אונטער די הענט, רעדען שטילערהייד).

חוה'לי. (צום מאן) שטום שוין שטום! מיין הוסט אויף דיר! (הוסט).

גדליה. פארנוץ געזונט!... נו? וואס האב איך דיר געזאגט איא א שדוך?

חוה'לי. ווער ס'איז שען, דו ביזט ביידע! קלארעטשקע, לאז נאט געבען ס'זאל זיין מיט גליק... (דרעהט אוים דעם קאפ צו דער טיר:) שרה פיינע, וואו ביזט דו ערגעץ אין דער ערד? עס קומט אריין שרה פיינע די קארנאסע, חוה'לי גיט איהר געלד אונ זי ברענגט צו טראגען בראנפען אונ פארבייסען).

דאווידקא. (גיסט אן אלעמען צו גלעזלעך) לחיים שוועסטער! לחיים ברודער! מארקושא, ווארף אראפ די געלע הענטשקילעך אונ קום אקארשט צום טיש.

מארקושא. נו, קלארע! אט דאס הייסט געפריציוועט א גוטען ברודער!... מאטוויי מיין הארץ, איך קאן דיר זאגען נאר איין ווארט אצינד: „דעם ערגסטען הונט קומט אן דער בעסטער ביסען".

דאווידקא. פארגינסט איהם ניט, נאחאל? זאלץ דיר אין די אויגען, שטיינער דיר אין הארצען!... מאטוויי, גיב אהער די מארדע דיינע, לאמיר זיך צעקישען. (קישען זיך) מכח חופה שטעלען וועלען מיר נאך שמוסען. (צום פאטער) טאטע, קום צום טיש! (מאטקע פיהרט צו דעם בלינדען גדליה צום טיש, דאווידקא דערלאנגט איהם א גלעזל בראנפען אונ אויך דער מוטער טראגט ער צו צום בעט לעקעך אונ בראנפען אונ רעדט עפים שטילערהייט מיט איהר אין בעט.)

גדליה. לחיים קינדער! לחיים. קלארע, גאט זאל געבען ס'זאל זיין מיט מזל! וואו איז דער חתן? קום אהער, מארקושא, ווייז אהער דיין האנט, איך האב שוין לאנג אויף דיר איין אויג געווארפען. איך האב נאך געקענט דיין טאטען, א ליכטיגען גן עדן, געוועזן א וואהלער יוד, פון יענע אלטע וואהלע יודען. וואס האבען ניט געוואוסט נאך פון קיין קארטען... הערט איהר—עך—ניטא שוין היינט אזאלכע יודען! (אלע לאכען, קלארע שלאגט איהם איבער עטליכע מאל, אונ קאן איהם ניט איבעררעדען.) מע שמוסט שוין ניט פון יחוס אונ פון קענען לערנען! געוועזן א ווילדער מכנים־אורח אונ א פארשוין א גרויסער...

קלארע. (שלעפט דעם אלטען פאר'ן ארבעל) טאטע! טאטע! דו האסט א טעות!

גדליה. איך? איך האב קיין מאל ניט קיין טעות! איך האב גוט געקענט זיין טאטען! איך האב גוט געקענט זיין מאמען אונ איהר ברודער נח. ער לעבט נאך דער פעטער נח? געוועזן א וואהלער יוד, א קלוגער, נאר איין חסרון: ער האט ליב געהאט אביסל בראנפען... (אלע לאכען! דאווידקא גערט צו, רופט אפ קלארען אויף א זייט, רעדט שטילערהייט.)

דאווידקא. (צו קלארען) געדענק זשע, שוועסטער, וואס דו האסט צו טהון. נישט געמאכט קיין לאנגע שיהות אונ באלד מיט איהם געפאהרען אויף דער הייסער שעה אונ געשטעלט א חופה (צו די איבעריגע) זעה נאר, וואס איז דער געלעכטער?

מארקושא. דער אלטער מיינט, אז איך בין דאס דער חתן.

גדליה. ניטא שוין היינט אזעלכע יודען! אט געמט א שטיינער די נגידים, ניט אויסגערעדט זאל זיין, איך מיין מאטווייטשיקס טאטען רב מאיר'ל שאלאנט; וואס איז מיט איהם דער יחוס אזוי גרוים געווארען? געוועזן אמאל א פראסטער יוד אונ טאקי נאר א פראסטער, איך געדענק איהם נאך, ניט היינט געדאכט, אהן שטיוועל... מאיר טשאלענט האט מען איהם אמאל גערופען...

דאווידקא. (שלאגט איהם איבער) טאטע! דו האסט א גרויסען טעות! זיך פארביטען מיט די יוצרות, נישט מארקושא איז דער חתן.

גדליה. ווער דען איז דא דער חתן?

דאווידקא. מאטוויי, מאטוויי מיראנאוויטש שאלאנט.

גדליה. (בלייבט שטעהן א מינוט מיט'ן גלעזל אין דער האנט דרעהט זיך אוים מיט'ן פנים צו חוה'לין.) נו? ווער האט געטראפען — איך צי דו?

חוה'לי. פארשטעהט זיך דו, פונקט ווי א בלינדער אין גרוב אריין געטראפען.

גדליה. וואס דען? איך האב שוין לאנג געוואוסט, אז ס'איז א שדוך... מאטוויי איז מיר פון תמיד אן געפעלען... אונ א טאטען האט ער אויך א פיינעם, המ... מהכתיתי, איך האב קענען דעם חלילה נאר נישט וואס צו זאגען... לחיים, קינדער! לחיים אלע!

דאווידקא. (חאפט א טעלער, טהוט איהם א ווארף אין דער ערד אריין אונ צעברעכט איהם) מזל טוב! מזל טוב!

אלע. (שרה פיינע אונ בליומקע אויך אין מיטען) מזל טוב! מזל טוב; מזל טוב;

**ענדע פונ'ם דריטען אקט.**

---

# חרבן בית שני.

(ענדע).

אז נירון־קיסר האט דערזעהן, אז קיסטיוס האט צוויי מאל געהאט א מפלה אין ארץ־ישראל, האט ער געשיקט זיין בעריהמטען פעלדהער פלאוויוס אספסינוס אין ארץ ישראל, אפצורעכענען זיך מיט די יודען. אספסינוס איז געוועזן א קלוגער בעל מלחמה, ער האט פארשטאנען, אז מיט איין מאל וועט ער ניט גובר זיין די יודען, וואס זענען זעהר בייז אויף די רוימער אונ זיי איז איצט טייער אונ ליב די פרייהייט, אונ וועלען זיך געוויס שלאגען ביז דעם לעצטען טראפען בלוט. לכן האט ער זיך מישב געוועזן צו טיילען זיינע סיפציג טויזענט מאן חיל אויף עטליכע טיילען, אונ מאכען מיט די יודען קליינע געשלעג אין עטליכע ערטער, ביז זיי וועלען אפגעשלאפט ווערען אונ וועלען סוף כל סוף פאלען.

נאר פון דעסטוועגען, ווען אין גליל וואלט געוועזן א הויפטמאן, ווי אלעזר בן חנניה אדער ווי יוחנן פון גוש־חלב, וואלטען אספסינוסען זיינע חכמות ניט געהאלפען: די גלילער יודען זענען אים שטאנד געוועזן ווידערשטעהן געגען א חיל, וואס איז צעהן מאל גרעסער ווי אספסינוס האט געהאט. צום אומגליק אבער איז געוועזן דער פאלשער יוסף א הויפטמאן, אונ ער האט געהאט די מפלה וואו

ער האט זיך געקעהרט, אונ פלעג מוזען מיט חרפה אנטלויפען פאר די רוימער. יוחנן מיט זיין ביסל מענשען האט פארקעהרט, בעוויזען גרויסע גבורות. אז פלאקידוס, איינער פון די רוימישע גענעראלען, האט געוואלט נעמען מיט שטורם די שטאדט יודפת, איז יוחנן ארויס געגען איהם אונ האט איהם שטארק געשלאגען אונ איהם פארטריבען.

דענסטמאל האט אספסינוס צונויפגעקליבען זיין מיליטער צו געהן אויף יודפת, אונ יוסף האט דערזעהן, אז ער וועט זיך מוזען שלאגען מיט די רוימער, האט ער זיך שטארק דערשראקען אונ האט זיך געאיילט צו בעטען ביי דעם סנהדרין איין ערלויבניש צו מאכען שלום מיט די רוימער. נאר זיין בקשה איז ניט ערפיהלט געווארען, אונ ער האט זיך געמוזט, ניט ווילענדיג שלאגען מיט די פיינד פון זיין לאנד אונ זיין פאלק. דענסטמאל האבען די גלילער בעוויזען אספסינוסען זייער וואונדערליכע גבורה. זיי האבען געשלאגען זיין חיל פיעל מאל אונ האבען צעבראכען זיינע אלע געוועהר, מיט וועלכע ער האט געוואלט ברעכען די מויער פון דער שטאדט. אספסינוסען איז געווארען אזוי ענג, אז ער האט ניט געוואוסט באמת, ווער איז דער בעלאגערטער: ער אדער די שטאדט יודפת. די אלע גבורות האט געטאן יוחנן, נאר יוסף האט זיך בעריהמט, אז דאס האט ער זעלבסט געטאן. נאר באמת איז געוועזן, וואו ער האט זיך געווענדט האט ער קאליע געמאכט, אונ יוחננס גבורות האבען ניט געקאנט מציל זיין יודפת פון די רוימער אונ איהר מויער האט געמוזט פאלען. יוסף איז באלד אריבער צו די רוימער אונ האט זעהר נושא חן געוועזן ביי אספסינוסען, אונ איז ביי איהם געוועזן שטענדיג די רעכטע האנט, אונ דער פארטרויטער בעל עצה.

פון יענער צייט אן האט אנגעהויבען אספסינוסען גליקען. באלד נאך יודפת האט ער חרוב געמאכט די שטעדט: יפו, טריכיה, אונ דערנאך איז ער געקומען צו דער שטארקער שטאדט גמלא. אמת דיזע שטאדט איז אויך געפאלען פאר די רוימער, אבער דער נצחון האט אספסינוסען געקאסט דאס לעבען פון פיעל טויזענטער רוימער, וועלכע זענען געפאלען ווי זאנגען אונטער די שווערדען פון די יודען. אז די מויער איז שוין גאר חרוב געווארען, אונ דער פיינד איז שוין געוועזן אין שטאדט, האבען ערשט די גלילער יודען בעוויזען זייער אמת'ע גבורה. אט אזוי זענען ביסלעכווייז געפאלען אין די רוימישע הענט די איבעריגע בעפעסטיגטע שטעדט, ביז עס איז מעהר ניט געבליבען ווי גוש־חלב.

אספסינוס האט געשיקט א מחנה מיט טויזענט רייטער אונ־טער דער האנט פון זיין זוהן טיטוס אונ ער איז געגאנגען אויף גוש־חלב. אז יוחנן האט דערזעהן, אז ער וועט מיט זיין ביסל מענשען ניט קענען ווידערשטעהן געגען טיטוסען, האט ער איהם אנגעזאגט, אז ער וויל מיט איהם שליסען שלום; נאר ווייל היינט איז שבת, לכן זאל טיטוס צו ווארטען ביז זונטאג, אונ דאן וועט ער איהם עפענען די מויער. אונ טיטוס האט מסכים געוועזן אויף דעם תנאי, אונ האט דעם טאג ניט מלחמה געהאלטען. ביי נאכט איז יוחנן מיט זיינע לייט ארויס שטילערהייט פון שטאדט. אונ איז אנטלאפען קיין ירושלים. אז טיטוס איז זונטאג צוגעטרעטען צו די שטאדט האבען איהם די איינוואהנער געעפענט די טויערען, אונ ער האט דערזעהן, אז יוחנן האט איהם אויסגענארט. אונ דער רשע האט זיין כעס אויסגעגאסען צו די ניט בעוואפענטע איינוואהנער, ער האט פון זיי פיעל געטויט אונ פיעל געפאנגען גענומען. נאכדעם האט ער געשיקט יאגען יוחננען, נאר מען האט איהם ניט געכאפט.

יוחנן מיט דריי טויזענט מאן זענען געקומען אין ירושלים. אז די איינוואהנער פון דער שטאדט האבען דערהערט וועגען אלעס, וואס עס האט געטראפען די אומגליקליכע אין גליל איבער דער שולד פון יוסף בן מתתיהו האבען זיי געשווארען צו בעשיצען די הויפטשטאדט ביז זייער לעצטען טראפען בלוט. ירושלים איז דענסטמאל געוועזן א שענע. פרעכטיגע שטאדט, שטארק באפעסטיגט, אונ די קנאים זענען געוועזן בטוח, אז זי וועט ניט פאלען אין דעם פיינדס האנט. אונ באמת וואלט אזוי זיין, ווען עס וואלט ניט פארשטערט ווערען דער שלום אונ די אחדות צווישען איהרע איינוואהנער.

פון כעס אויף דעם סנהדרין, וואס האט דעם פאלשען יוספין געמאכט פאר א פעלדהער אין גליל, זענען די קנאים בעפאלען א סך חברים פון סנהדרין אונ האבען זיך אן זיי נוקם געוועזן, אויך האבען זיי געטויט פיעלע פון דער געלאסענער פארטיע (די מתונים), וועלכע האבען ניט געוואלט ליידען די מלחמה. אזעלכע מעשים פון די קנאים זענען ניט געפעלען געווארען די פארשטעהער פון דעם סנהדרין, ובפרט רבן שמעון בן גמליאל'ן. דענסטמאל זענען די מתונים גע־נייטיגט געוועזן צו נעמען זיך פאר דעם שווערד אונ זענען בעפאלען די קנאים, וועלכע האבען זיך געמוזט פארשפארען אין הר הבית. אז יוחנן האט דערזעהן די לאגע פון די קנאים, האט ער אונטער־געהיצט די איינוואהנער, אז זיי זאלען העלפען די בעלאגערטע קנאים אונ אין איין נאכט האבען זיך די בעלאגערטע קנאים ארויס־געגנב'ט פון הר הבית אונ האבען געעפענט די טויערן פון שטאדט אונ האבען אריין געלאזען די אדומים, וועלכע זענען געקומען העל־פען די קנאים געגען די מתונים.

די אדומים, וועלכע שטאמען אב פון עשו'ן, האבען אנגענומען די יודישע אמונה נאך מיט 200 יאהר פאר דער מעשה, זיי זענען גע־ווען בטבע אווילד, מערדעריש פאלק אונ מיט זייער קומען אין ירושלים האבען זיי געבראכט מיט זיך קריג אונ אונרוהע, אונ אין ירושלים האט געקאכט אונ געזאדען ווי אין א קעסעל, אזוי אז די קנאים זענען שוין ניט גערן געוועזן וואס זיי האבען זיך מתחבר געוועזן מיט די אדומים, אונ האבען זיי געבעטען, אז זיי זאלען ארויס פון שטאדט. פיעל פון די אדומים האבען געפאלגט אונ זענען ארויס, אונ די וואס זענען געבליבען זענען צוגעשטאנען צו די מתונים, כדי זיך נוקם צו זיין אן די קנאים. מיט אייןווארט, א פחד אונ א טומעל האט געהערשט אין שטאדט, שנאה אונ קנאה, אהן א מושל, אן א בעל עצה. אונ יוחנן מגוש־חלב, וואס זיין גאנצען לעבען האט ער געשענקט דעם פאלק, האט זיך משתדל געוועזן מיט אלע כחות צו מאכען שלום אין ירושלים, נאר ער האט גאר נישט געקאנט פועל'ן ביי די בלוט דורשטיגע שטרייטער.

די רייכע יודען, וואס זענען מתחילה געוועזן געגען דער מלחמה מיט די רוימער, האבען איצט געוואלט צונעהמען זייער רייכטום אונ פארלאזען ירושלים, נאר דאס איז זיי ניט געראטען: די קנאים האבען זיך געשטעלט ביי דער טויער פון שטאדט, אונ האבען קיינעם ניט ארויסגעלאזען פון שטאדט. אונ דערווייל איז אספסינוס ארומגעגאנגען

מיט זיין חיל איבער ארץ ישראל און האט וויסט געמאכט די יודישע שטעדט.

פלוצלינג איז אנגעקומען אספסינוס'ען א ידיעה, אז צוויי אייראפייאישע לענדער האבען מורד געווען געגען רוים. דא האט ער אנגעהויבען זיך איילען מיט זיינע געשעפטען אין ארץ ישראל, בכדי גיכער צו בעצווינגען אלע פעסטונגען און קענען פארלאזען ארץ ישראל, אלע פעסטונגען זענען געפאלען אין זיינע הענט אויסער דריי: מסדה, מכירוס און הורודיום און צו ירושלים איז ער נאך ניט צוגעטרעטען.

אין מסדה האט זיך בעפעסטיגט דער שטארקער העלד שמעון בר גיורא. דער מענש איז געווען א גרויסער גבור א מורא'דיגער בעל מלחמה און ער וואלט געקענט ברענגען פיעל נוצען, ווען ער זאל ניט ליב האבען זיין א שררה, א הערשער. אט דער חסרון זיינער, מעג מען זאגען, האט געבראכט אומגליקען אויף ארץ ישראל. ער האט צו זיך געזאמעלט א גרויס חיל און האט געוואלט קומען אין ירושלים און נעמען אין זיינע הענט די ממשלה. עס פארשטעהט זיך, אז יוחנן און די קנאים האבען עס ניט געקאנט ערלויבען, ווייל שמעון איז ניט פעהיג געווען צו זיין א מושל, חאטש ער איז געווען א שטארקער בעל מלחמה, און האבען שמעון'ען ניט געוואלט אריינלאזען אין שטאדט. נאר די מתונים, בכדי זיך נוקם צו זיין אן די קנאים, האבען איהם דוקא אריינגעלאזען, און ער האט מיט זיך געבראכט די סיקריקין אויך, און דער טומעל אין ירושלים איז געווארען נאך גרעסער.

דערווייל איז נירון־קיסר געשטארבען און אספסינוס איז געווארען קיסר אנשטאט איהם. דא האט ער געלאזען זיין זוהן טיטוס הרשע, ער זאל פיהרען די מלחמה אין ארץ ישראל. און נאכדעם, אז טיטוס האט געמאכט א תל פון די לעצטע פעסטונגען אין ארץ ישראל, איז ער צוגעטרעטען צו ירושלים. און אין ירושלים זענען דענסטמאל געווען פיער פארטייען: דריי טויזענט קנאים און זייער פעלדהער אלעזר בן שמעון; זעכס טויזענט קנאים פון גליל אונטער יוחנן מגוש־חלב; שמעון בר־גיורא מיט זיינע לייט און מיט די סיקריקין צוזאמען צעהן טויזענט מאן; און די אדומים פינף טויזענט מאן, — סך הכל פיער און צוואנציג טויזענד מאן שטארקער חיל מיט בעריהמטע פעלדהערען, ווי יוחנן און שמעון זענען געווען. אזא חיל מיט אזא שטארקער שטאדט ווי ירושלים האבען געקאנט ווידערשטעהן די שטארקסטע בעלאגערונג אין דער וועלט, ווען עס וואלט געווען צווישען די יודען חאטש אביסל אחדות.

פיעל מאל האבען די רוימער געמאכט וואלען ארום דער מויער פון ירושלים, נאר יעדעס מאל פלעגען עס די יודען חרוב מאכען. איינמאל האבען זיך די רוימער בעמיהט זיבצעהן טעג אויף צו מאכען א שטארקען וואל; פלוצלינג איז געקומען יוחנן מיט זיינע לייט פון אונטער דער ערד דורך א הייל און האט פארברענט און חרוב געמאכט דאס גאנצע רוימישע געביי. אז טיטוס האט דערזעהן, אז מיט גבורה וועט ער די שטאדט ניט נעמען האט ער זיך מישב געווען בעלאגערען די שטאדט, ביז דער הונגער און דארשט וועט נייטען די בעלאגערטע אונטערטעניג צו ווערען.

דענסטמאל האט זיך אנגעהויבען פאר די יודען א ביטערע צייט: דאס ברויט איז אויסגעגאנגען, און ווייבער האבען געקאכט זייערע קינדער און געגעסען זייער פלייש. שבעה עשר בתמוז איז בטל געווארען דער קרבן תמיד, ווייל ס'איז שוין ניט געווען קיין שאף אויף א קרבן, און די עבודה אין בית המקדש האט אויפגעהערט. טיטוס האט געשיקט זאגען די איינוואהנער פון ירושלים, אז זיי זאלען זיך אונטערטעניגען, נאר יוחנן האט איהם געענטפערט, אז „די הייליגע שטאדט וועט ניט פאלען אין דעם פיינדס הענט", דאס הייסט, אז נאר די חורבות וועט דער שונא נעמען, אבער ניט די געבייען. די בעלאגערטע האבען בעוויזען גרויסע גבורות, נאר דאס אלעס האט ניט געהאלפען און סוף כל סוף איז חרוב געווארען די הייליגע שטאדט ירושלים, און דער בית המקדש איז פארברענט געווארען אים נײנטען אב (תשעה באב) אין יאהר דריי טויזענט אכט הונדערט און דריי־סיגסטען צייט די וועלט איז בעשאפען געווארען.

די קנאים אבער האבען זיך נאך דעם חורבן בית המקדש פארשפארט אין דער „אויבערשטער שטאדט", וועלכע טיטוס האט ניט געקאנט איינגעהמען. און אז טיטוס האט זיי ווידער געזאגט, אז זיי זאלען זיך אונטערגעבען האבען זיי געענפערט, אז זיי האבען איינמאל געשווארען ניט צו פאלען לעבעדיגע אין דעם פיינדס הענט, און זייער שבועה וועלען זיי ניט מחלל זיין. אין פינפטען אלול איז בעצוואונגען געווארען אויך די אויבערשטע שטאדט, ירושלים איז געווארען וויסט און דאס יודישע פאלק איז אוועק אין גלות, וועלכער דויערט נאך עד היום, ווייל ביי אונז פעהלט אחדות, אהבה און שלום איצט אויך.

שלמה בערמאן.

---

# אלטניילאנד.

(פארטזעצונג).

XIX.

אין פרידריכסהיים זענען אונזערע לייט אנגעקומען נאך ביי־צייטען. ס'איז גרינג זיך פארצושטעלען מיט וואסער א פרייד מע האט זיי דארט אויפגענומען, אלס מען איז געוואהר געווארען ווער זיי זענען. דוד'ס פרוי שרה און זיין שוועסטער מרים, וועלכע פרידריך האט געזעהן נאך אין די וויקעלעך דאמאלס ווען ער איז ביי זיי געווען צו הויז אין וויען, האבען אלעם אנגעשטרענגט די געסט פארגעניגען צו פארשאפען. אפילו דער קליינער פריץ, דוד און שרה'ס קליינע קינד, האט א פנים דערפיהלט, אז דאס זענען אמת'ע פריינד פון זיינע עלטערן און האט זיך אזוי שטארק צו זיי צוגעלאזט, אז דער אלטער קינגסקארט האט זיך אין איהם פשוט פארליבט און דאס האט איהם אויף א לאנגער צייט פארהאלטען אין אלטניילאנד.

ביים מיטאג האט מען די געסט רייך אויפגענומען און קינגסקארטען האבען די ווייגען גאר בעזונדערס געשמעקט. נאך מעהר איז ער צופרידען געווען בעת מע האט איהם דערציילט, אז די אלע ווייגען זענען יודישע און טיילווייז גאר פון דוד'ס אייגענע גערטנער. מיט דעם וויין־פלאנצען האט זיך דאך די יודישע קאלאניזאציע אנגעהויבען נאך אין די אכציגער יאהרען.

מרים, די שוועסטער פון דוד ליטוואק, האט זיך אויפגעהויבען פונ'ם טיש איידער דער מיטאג האט זיך געענדיגט. פרידריך האט זיך

דארויף געוואונדערט, נאר דוד האט איהם ערקלערט, אז זי איז א א לעהרערין אין דעם מעדכען־גימנאזיום אויף ענגליש אונ פראנצויזיש. קינגסקארטען איז די תשובה ניט געפעלען. „אזוי?" מאכט ער, „דאס ארימע קינד מוז שטונדען געבען, כדי דערפון די חיונה צו ציהען?" אין דער שאלה איז געלעגען א שטילער פארוואורף אויף דוד'ס אדרעסע.

דוד ענטפערט מיט א שמייכעל: זי טוט עס ניט ווייל זי מוז דערפון לעבען. איך בין נאך, דאנקען גאט בכח מיין שוועסטער אויסצוהאלטען. נאר זי טוט עס ווייל זי מוז עפּיס טון, אונ עפּיס מוז זי טון ווייל זי איז א מיטגליד פון אונזער נייע געזעלשאפט, אין וועלכע זי האט אלע רעכטע. אין אונזער געזעלשאפט האבען די פרויען גלייכע רעכטע מיט די מענער".

„זיי האבען דאס רעכט צו וועהלען אונ אויסגעוועהלט צו ווערען. זיי האבען געארבעט מיט אונז געטריי ביים אויפבויען אונזערע איינריכטונגען. זייער בעגייסטערונג האט אונז, די מענער, צוגעגעבען מוט אונ ענערגיע. סע וואלט אלזא געווען די מיאוס'טע אונדאנקבארקייט, ווען מיר זאלען אצינד אונזערע פרויען אוועקשטופען אונ פארשליסען זיי אין שטוב ביי דעם אויוועז".

„נאטירליך איז ביי אונז קיינער ניט געצוואונגען דוקא אריינצוטרעטען אין דער נייער געזעלשאפט, ווער סע איז אין איהר שוין אריינגעטרעטען איז ווידער ניט געצוואונגען זיינע רעכטע אויסצונוצען. די פרוי ביי אונז איז אויך פריי. זי קאן זיך מישען אין פאליטיק. זי מוז עס אבער ניט. דער חוב פון א מוטער ליידט ביי אונז ניט פון דער גלייכבערעכטיגונג פון די פרויען. מיין פרוי צום ביישפיל געהט קיינמאל ניט צו פארזאמלונגען. דרינען איז אבער שולדיג דער קליינער פריץ".

„זי האט דעם קליינעם אליין געזויגען אונ דערביי אביסל פארגעסען איהרע רעכטע. פריהער אבער איז זי געווען פון דער ראדיקאלער אפאזיציע. איך האב זי אלזא דערקענט אלס געגנערין. אצינד מאכט זי מיר איין אפאזיציע אין דער היים, נאטירליך די אנגענעהמסטע" — אזוי פריבאוועט דוד מיט א ווערטל.

דוד ערקלערט ווייטער:

„די פאליטיקע ביי אונז איז אבער איבערהויפט ניט קיין געשעפט־זאך. ווען איינער וויל זיך מיט זיינע אידעען בענוצען אלס א פרנסה דערקענט מען איהם באלד אונ ער ווערד איבעראל מבוזה. אונזערע געריכטע האבען שוין א סך מאל ערקלערט, אז ווען מע זאגט איינעם, ער איז א פאליטיקער פון פראפעסיע, איז עס א בעליידיגונג. דערפון קאנט איהר שוין איינזעהן ווי אזוי מיר קוקען אויף דער פאליטיקע".

„עפענטליכע שטעלעס האבען מיר פארשידענע: שטעלעס פאר געלד אונ שטעלעס פאר כבוד. די שטעלעס אבער וואס ווערען בעצאהלט מיט געלד, גיט מען ביי אונז אבער נאר די, וועלכע פארדיענען עס באמת דורך זייערע פעהיגקייטען אין זייער פאך. אלערליי צדדים בעגעגענען שוין פון אנהויב אן א התנגדות פון יעדען. ווידער דארפען די בעצאהלטע פקידים בשום אופן ניט מישען זיך בעת סע ווערד עפענטליך גערעדט וועגען די פראגען, אין וועלכע זיי זענען פאראינטערעסירט".

„אנדערש אבער איז עס מיט די עהרענשטעלעס. דא האבען מיר א פשוט'ען כלל. ווער סע שטופט זיך ארויס פון פארענט, דעם ריקען מיר שטילערהייט אב אין א זייט. מיר בעמיהען זיך דאס אמת'ע פארדיענסט צו בעלוינען, חאטש סע ליגט ערגעץ פארשטעקט אין א ווינקעל. אויף דעם אופן זענען מיר גאראנטירט, אז אונזער טייערע געזעלשאפט זאל ניט בערויבט ווערען פון פארשידענע געשעפט־זוכערס. אזוי איז ביי אונז היינט פרעזידענט א רוסישער אויגענדאקטאר, וועלכער האט די שטעלע זעהר ניט־ווילענדיג אנגענומען, ווייל ער האט געמוזט אוועקלאזען זיין פראקטיקע".

„ווייזט אויס, די פראקטיקע האט איהם פיעל איינגעטראגען" — זאגט קינגסקארט.

„ניין ניט אזוי פיעל", ענטפערט דוד, „ווייל דער עקר'שט איז ער געווען בעשעפטיגט מיט ארימע לייט".

דער שמועס געהט איבער אויף פארזעסענע מיידלעך אונ אויף חברות פון צדקה. דוד זאגט:

„פארזעסענע יודישע מיידלעך אמאל האבען ניט געהאט וואס צו טון. היינט אבער האבען זיי א בריים פעלד צו ארבייטען. די גאנצע צדקה־זאכען ליגען ביי זיי אין די הענט. אויך דרינען האבען מיר קיין שום נייעס ניט אויפגעטאן. מיר האבען נאר דאס גאנץ אלטע צונויפגענומען מיט א סיסטעם אונ צענטראליזירט. אלע וואהלטעטיגע איינריכטונגען, וועלכע איהר געדענקט פון אייראפא, געפינט איהר ביי אונז מיט א סיסטעם בעזארגט. דורך אזא ארט ארגאניזאציע איז עס מעגליך יעדען הילפסבעדירפטיגען באלד הילף צו געבען, חאטש איבערהויפט קומט מען ביי אונז אן צו צדקה־הילף וועניגער וואו ערגעץ אנדערש, ווייל ביי אונז איז די עקאנאמישע לאגע געזונטער".

„דאס אלעס האבען מיר ניט אויסגעטראכט, נאר דאס בעקאנטע אויסגענוצט. איהר געדענקט מסתמא די ארבייטס־הילף אונ ארבייטס־פערמיטלונג אין דער אלטער צייט. ביי אונז האט יעדער דאס רעכט אויף ארבייט אונ דערמיט אלזא אויף ברויט. דאגעגען אבער איז ביי אונז יעדער מחויב צו ארבייטען. קיין בעטלערס ליידען מיר בשום אופן ניט. א געזונטער מענש, וועלכער געהט בעטען נדבות, ווערד ביי אונז פאר'משפט צו די שווערסטע ארבייטען. ווען אבער איינער ווערד קראנק אונ האט ניט פאר וואס זיך צו קורירען, דארף ער נאר זיך ערגעץ אין א שפיטאל מעלדען, ווערד ער באלד צוגענומען. קיינעם זאגט מען ניט אב. אלע שפיטאלען פון די שטאדט זענען דורך טעלעפאן פארבונדען מיט'ן צענטראלנעם אונ אזוי ווערד באלד בעשטימט, וואו סע געפינט זיך א ליידיג פלאץ דעם נייעם חולה אויפצונעמען".

XX.

דוד האט זיינע געסט געלאזט זיך א ביסל אויסרוהען אונ צווישען זיך בעוואונדערען אלעס וואס זיי האבען ביז איצט געהערט אונ געזעהן.

אויף דער נאכט איז ער ווידער צו זיי געקומען, אונ זיי פארגעלעגט צו געהן אין טעאטער. דערביי ווערען מיר געוואהר אז אין אלטניילאנד געפינט מען אויסער דעם נאציאנאל־טעאטער, וועלכעס שפיעלט, ווייזט אויס, אין העברעאישען, אונ אויסער די פאלקס־

טעאטערן, אין וועלכע מע גיט לאכענדיגע זאכען אויף פראסט יודיש — נאך פארשידענע טעאטערן פון אלע אומות. הערצל וויל אז זיין אלטניילאנד זאל דורכאויס זיין א קולטורנע לאנד, אינ'ס זין פון די אייראפייער.

נאר איידער מע געהט אין טעאטער לעגט דוד פאר זיינע געסט א צייטונג, פון וועלכער זיי דארפען זיך אליין אויסקלויבען, אין וועלכען טעאטער זיי גליסט זיך צו געהן. דערביי אבער פארקאטשעט זיך א שמועס וועגען צייטונגען, אונ דוד ערקלערט צו קינגסקארטס ער־שטוינען, אז אויך די צייטונגען אין אלטניילאנד זענען ארטעלנע, היינו יעדער אבאנענט איז א שותף אין דער צייטונג מיט דער סומע פון אבצאהלונג אונ אזוי ווי די צייטונגען, וואס ווערען פיעל געלעזען האבען דאך זעהר פיעל מודעות, על־כן קומט אויס, אז די אבאנענ־טען בעקומען אמאל נאכ'ן יאהר צוריק רוח מעהר ווי זיי האבען אבגעצאהלט פאר'ן בלאט.

דאס פערזאנאל פון דער רעדאקציע איז ניט מעהר ווי אנגע־שטעלטע ביים ארטעל, אונ דארף פאר דעם ארטעל, דאס הייסט, פאר'ן לעזע־פובליקום אבגעבען דין וחשבון ווי אזוי אונ פאר וואס זיי האבען געפיהרט דאס בלאט. אלע יאהר ווערד צונויפ־גערופען איין אספה כללית פון אלע לעזער פונ'ם בלאט. צו דער אספה שיקען למשל טויזענט מיטגלידער איין דעלעגאט, אונ די דע־לעגאטען בעקלערען שוין אלסדינג וואס געהער צו די אינטערעסען פונ'ם בלאט, בעשטימט זיין גאנג אויפ'ן קינפטיגען יאהר אונ קלויבט אויס די רעדאקציע אויף א יאהר פאראויס.

דורך אזא איינריכטונג בעקומט דאס צייטונגס־וועזען אזא ווייטע אויסברייטערונג, וועלכע איז אין די אמאליגע צייטען גאר ניט מעגליך געוועזען. דאקטאר הערצל וויל אבער בשום אופן ניט, אז אין אלטניי־לאנד זאל זיין עפיס אזוינס, אין וועלכען מע קאן מסופק זיין צי ס'איז מעגליך דורכצופיהרען. ער פארחאפט דעריבער תיכף אנצומערקען, אז די אידעע פון ארטעלנע צייטונגען איז נאר פוז דרויסען ניי. אינ'ס שורש אבער האט זי שוין געהאט איין התחלה ביי די אייראפייאישע צייטונגען, וועלכע האבען דעם רוח געטיילט מיט זייערע אבאנענטען דורך דעם וואס זיי האבען אלע יאהר געגעבען הוספות אונ געמאכט גרעסער אונ ביליגער דאס בלאט.

(פארטזעצונג קומט). משה קליינמאן.

## ליטעראטור אונ קונסט

— אין נומער 163 „הצפירה" איז דער רעדאקטאר סאקאלאוו מודיע, אז עס איז געגרינדעט געווארען די אויסגאבע פון „אנציקלופדיא גדולה כללית" בשפת עבר לכל החכמות והמדעים הכלליים ולחכמת ישראל.

(א גרויסע אלגעמיינע ענציקלאפעדיע אויף העברייאיש פאר אלע אלגעמיינע חכמות אונ וויסענשאפטען אונ פאר יודישע וויסענשאפט).

די ענציקלאפעדיע, פערזיכערט דער ארויסגעבער, וועט זיין גלייך, סאי אין די פארמאט סאי אין די וויכטינקייט, ווי אלע גרויסע אייראפייאישע ענציקלאפעדיעס אונ אזוי ווי יעדע גרויסע ענציקלאפעדיעס בעהאנדלען גרינדליכער אונ ברייטער די וויסענשאפט פון דעם פאלק, אין וועמעס שפראך עס איז געשריבען געווארען, אזוי וועט אויך די ענציקלאפעדיע בעהאנדלען מעהר די יודישע וויסענשאפטען. דערביי אבער וועלען אויך אלע אנדערע וויסענשאפטען גרינדליך בעהאנדעלט ווערען.

— דער נייער ביכערפערלאג „ליכט" אין פעטערסבורג האט אבגעדרוקט פראספעקטען וועגען די ערשטע יודישע ענציקלא־פעדיע, וועלכע זי טרעט צו ארויסצוגעבען. די ענציקלאפעדיע וועט ער־שיינען אין טיילע יעדען חודש. יעדער טייל וועט האלטען 3 דרוק־בויגען. דער ערשטער טייל וועט ארוים אין חודש סעפטעמבער.

די ארויסגעבער זאגען בפירוש אין זייער פראספעקט, אז די ענצי־קלאפעדיע וועט זיין נישט נאר בלויס א יודישע נאר איין אלגעמיינע אונ דעריבער איז אונז אביסל קשה פאר וואס זי רופט עס „די ערשטע יו־דישע ענציקלאפעדיע אונ נישט די ערשטע ענציקלאפעדיע אויף יודיש.

— דער בעוואוסטער זאמלער פון פאלקסשפריכווערטער ה' י. ב. טרעט צו ארויסצוגעבען א נייע רייכע אויסגאבע פון יודישע שפריכווערטער. אין דער נייער אויסגאבע וועט אריין אויסער „די יודישע שפריכווערטער", וואס י. ב. אונ מ. ספעקטאר האבען ארויסגעגעבען אין יאהר 1888, נאך נייע צוזא־מענגעקליבענע צוויי טויזענט שפריכווערטער, אונ בכלל וועט די נייע אויס־גאבע זיין מיט פיעל פערבעסערונגען.

— אין פעטערסבורג האט זיך געבילדעט א געזעלשאפט, וואס וועט ארויסגעבען אונטער דעם נאמען „נייע ביבליאטהעק" די בעסטע אייראפייאי־שע שריפטשטעלער, דערונטער אויך פון העברייאיש, אין זשארגאנישע אי־בערזעצונג. פון די רוסישע שריפטשטעלער זעצט מען איבער קאראלענקא, גארקי, טשעחאוו אונ נאך אנדערע. פון העברייאישע פייערבערג אונ נאך. דער נייער פערלאג זאגט צו, אז מיט דער צייט וועט ער אויך ארויסגעבען אריגינעלע ערצעהלונגען אין זשארגאן.




### I. אלגעמיינע נייעס.

— דער פינאנץ־מיניסטער אין רוסלאנד האט פארגעטראגען א פראיעקט, אז מען זאל אבשאפען פון היינטיגען ערשטען יולי די פרויען, פון די טיי־הייזער, וואס דינען דארט אלס קעלנערינס ביים דער־לאנגען טיי אונ אויף זייער ארט זאלען אנקומען מאנסבילען.

— די אייזענבאהן־פארוואלטונג פון די ליניע הינטער־קאווקאז האט בעשלאסען צו געבען פרויען שטעלען אלס סטאציאן־נאטשאלני־קעס, געהילפען אונ קאסירער. אנגענומען וועלען ווערען נאר פרויען וואס זענען נישט יונגער פון 25 יאהר אונ האבען געענדיגט א מיטעל־שולע. אויף דער אייגענער אייזענבאהן־ליניע געפינען זיך שוין היינט 143 פרויען, וועלכע פארדיענען פון 300 ביז 600 רובל.

### II. יודישע נייעס.

— דאס רוסישע מיניסטעריום פאר וועגען אונ באהנען האט נע־שיקט די ערשטע אינזשינערין אין רוסלאנד די יודישע פרוי ר. א. קאנעווסקי אויס צו פארשטען די געגענד פון יאלטא־באחציסעראי אונ סימפערא־פאל, וואו עס וועט געבויעט ווערען א נייע אייזענבאהן ליניע.

— אין שאוולער (קאוונער גוב') פרויען־גימנאזיום האבען דריי יודישע מיידלעך: פאני וואהלבערג, פאני מרגליות אונ לאה פיין בע־קומען גאלדענע מעדאלען אונ צוויי: וואיניק אונ טעק האבען בעקומען זילבערנע מעדאלען.

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S, L Deutscher Podgorze b .Krakau

## פון דער אדמיניסטראציע.

אין **אדעסא** נעמט אויף אבאָנעמענטען אויף די „יודישע פאָלקסצייטונג", „עולם קטן" און „ביבליותיקא עברית" ה' **יצחק בעקער,** מאַלאַ ארנאוטסקא נומער 106, וואהנונג 17.

אין **וואסילקאוו** (קיעווער גוב.) נעמט אויף אבאָנעמענטען המו"ס **גרינבערג.**

---

**נעגעז מערידען און פוקל'עס!**

אפאראט וועלכער היילט גרינדליך אהנע אפעראציע. פרייז 2 ר' 50 קאפ.

**Д. МОШКОВСКІЙ Варшава, Налевки 37.**

(55) (45—

---

# הדגל

**מכתב-עתי בשפת עבר לכל עניני היהודים והיהדות בכל הארצות**

יוצא לאור בלונדן אחת בשבוע.

„הדגל" מכיל 16 עמודים גדולים, ובו יבואו בכל גליון: מאמר ראשי. מכתבי סופרים מומחים ובקיאים, המפיצים אור על כל מראה והזיון בעולמנו. הפרק מ„רחוב היהודים" מלא רב ענין והרשות שנפלו ביעקב, בפרק זה עובדים סופרים בכל חלקי התבל ואיים רחוקים, המקדימים להביא לקוראינו את החדשות המענינות ממקומותיהם. בהודעות „הדשות" ילדי-יום „הדגל" תמיד הראשון הזריז להודיען לקוראיו, בכל מקום שיש יהודים יש לו מודיעי-חדשות. **פיליטון:** בכל גליון וגליון יביא ספור, ציור או תמונה מקורי או העתקה. כן יבואו ב„הדגל" מאמרי מדע, ומקום רחב הוקצע בו לבקרת **ספרים חדשים** שיוצאים לאור. — **מודעות** זה החלק הנכבד לבני עמנו הסוחרים, ובהיות „הדגל" נפוץ בין כל אחינו שבכל ארצות תבל תביאנה **המודעות-המסחריות** רב טובה למוכרים ולקונים.

מחיר „הדגל" לשנה 5 רובל, בערך זה להצי ולרבע שנה. לשלוח שטרות-רוסיא או מרקאות-הפוסתה בנות 10 קאפ' אל הרדקציה:

**„Hadegel", 6 Tenter str. North London E.**

או אל אחד מסוכנינו ברוסיה:

**Издат. Тушія Варшава. — Редакцію Гацефира, Варшава.**

Редакцію **Гамэлицъ, Ст.-Петербургъ,**

**Н.** Кагановичъ, Варшава, Налевки **№ 38.**

Л. Тыкочинскому, г. Бѣлостокъ.

---

**אנשים חולים** קובץ ספורים מאת **א. ליבושיצקי.**

מכיל: חולשת המשורר, מורך, האם מנמנמת, רוצח, החולם הקטן, המפורסם, מחיי כופר בכל.

מחיר: **25** ק' בלי המשלוח.

פרי הספר מוקדש לטובת המורים העברים, שסבלו מן הפרעות בקישינוב. להשיגו בכל בתי מסחר הספרים העברים ואצל:

Издат. „Тушія" Варшава. Verlag »Tuschijah« Warschau.

5—3 בע"פ נובוליפקי 7 מעון 9 235

---

# הויז-דרוקערייא

מים מיינע טיפען-דרוקעריי גארניטורען אין אלען שפראכען אויך העברייאיש קאן יעדערמאן זעלבסט דרוקען אלעס וואס ער האבען וויל:

צוא בעציען אוים דער איינציגער פאבריק אין גאנץ רוססלאנד „ПОБѢДА" передвижн. буквъ

**И. А. ЛЕВИНСОНА**

**въ ОДЕССѢ, Пушкинская, уг. Полицейск. ул., 16 und in WIEN, Adlergasse 12.**

| | | | |
|---|---|---|---|
| גארניטור 60 № מיט 100 בוכשטאבען | 1. ר"ז | גארניטור 65 № מיט 540 בוכשטאבען | 4.50 |
| „ 62 „ 200 „ | „ 2.— | „ 66 „ 780 „ | 6.— |
| „ 63 „ 335 „ | „ 3.— | „ 67 „ 1160 „ | 10.— |

מיינע פאבריקען פערפערטיגען אויך שטעמפעל אונד זיעגעל נור פאם בעסטען מאטעריאל פרייזקוראנטע ווערדען פערזענדעט נאך ערהאלט איינער פאסטמארקע 7 קאפ.

**אגענטען ווערדען איבעראל געזוכט**

---

פערלאג „פאלקסבילדונג".

# ציוניסטישע ביבליאטהעק.

**א.**

1) **די יודישע קאלאניאל-באנק** פון דר. ה. ד. הורוויץ;

2) **דער נאציאנאל-פאנד** פון ר. א. ברוידעס.

פרייז 3 קאפ. מיט פארטא 5 ק.

**ב.**

## די מינסקער ציוניסטישע אסיפה.

פרייז 10 קאפ. מיט פארטא 12 קאפ.

ציוניסטישע אגודות בעקומען ראבאט.

Издат. „Тушія", Варшава. — Verlag „Tuschijah", Warschau.

---

„**אראנא-גורסקי, ווארשא,** לעשנא 4 №

דאס איינציגסטע מיטעל צום אויסראטען נאגניאטקעס (הינער-אויגען) **בראדאוועקעס און פערהארטעטע הויט** צור פרייז 30 קאפ' און 60 קאפ'. פארדערן איבעראל.

(129) 25—21

---

# НОВАЯ КНИГА:

# „Современная Палестина"

**въ физико-этнографическ. и политическомъ отношеніяхъ.**

Книга эта иллюстрирована, содержитъ 19 печатныхъ листовъ на веленевой бумагѣ и имѣетъ 11 географическихъ картъ.

Цѣна книги . . . . . . **1** руб. **75** коп.

Въ изящномъ переплетѣ **2** руб. **40** коп.

ПРОДАВЦАМЪ ОБЫЧНАЯ СКИДКА.

**СКЛАДЪ ИЗДАНІЯ**

**ПРИ ТИПОГРАФІИ и ФАБРИКѢ ПИСЧЕБУМАЖНЫХЪ ИЗДѢЛІЙ**

ТОРГОВАГО ДОМА

## Г. М. Левинсонъ въ Одессѣ.

**Желающимъ ознакомиться съ содержаніемъ этой книги безплатно высылается краткое описаніе ея.**

---

**אומזוסט אהן געלד!!**

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען און נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

---

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.

Адресъ: **Я. Найдичъ, Варшава.**

---

**אהוב את המלאכה!**

אללע סארטען שפיגעל מאכען לערנט אוים גרינטליך, אויך דורך בריעפע

דער 25-יעהריגער פראקטיקאנט אין דיא שפיגעלפאבריקאציאן

Адресъ: **Юдку Вейнбляту**

Варшава, Сливкая 22.

(105) 25—18

## דר. מ. גראָדזיענסקי

ארדינאדאר אין קליניק פיר

**אינערליכע קראנקהייטען**

7—10 אין שפיטאל שוו. דוך (220)
נעהמט אָן קראַנקע ביז האלב 11 פריה
און פון האלב 3 ביז 5 נאך מיטאג
ווארשוי, דזיקא 4 — (נאָוואָליפקי 6)

---

## היימישע מיטטאגען!

צו מעססיגע פרייזען, אויך פער-
שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל-לאיתן**

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7,
17-50 אין טהייער, 2 שטאק. (192)

---

בבית מסחר הספרים

## י. ראזומאווסקי בבערדיטשוב

ובהמחלקה שלו בווארשא, נאלעווקי 34
אצל א. ציילענגאלד נמכרים כל מיני
(217) ספרים במקחים נמוכים. 9 50

---

פאבריק פון פייערפעסטע 13 15 199

**אייזערנע קאססעס**

עמפפעהלט איהר אויס-
ארבייטונג נאך נייעסטעם
סיסטעם, קאנקורירט מיט
די פרייזען און פערגרע-
סערט די №№ געגען
אנדערע פאבריקען
פרייז קוראנטען פראנקא

**Ш. Хари**, Варшава, Новолипье 40

---

Оптическо-Хирурги-
ческой складъ
П. ПИКЪ
Налевки 35 Варшава

רוכבענדער עלעקטרא - גאלוואנישע
מיט גומי פעלאטין, וועלכע האלטען
גענצליך איין דעם ברוך און דריקען
נישט דעם קערפער. ברוך- און בויכבענדער
פיר פרויען, עלאסטישע גומי-שטרימפפע
פיר געשוואלענע פיס, גארסעטען פיר
גארבאטע, קינסטליכע פיס און הענד,
שטוצנע אויגען, ברילען מיט בעלגישע
גלעזער פיר קורצע און שוואכע ראיה, ווי
אויך אללע אפטישע און הירורגישע אר-
טיקעל אין גרויסען אויסוואהל צו זעהר
ביליגע פרייזען עמפפעהלט אפטיק

**י. פיק, נאלעווקי 35 ווארשא.**

אליך ווערד צו געפאסט דורך ספעציאליסטען
234 — 25—3

---

בבית־מסחר־ספרים של

**ז. ש. שרעבערק**, ווילנא, סטעפענג.
נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.
Книжн. магаз. З. Ш. Среберка,
(225) Вильна. 50—5

---

פריוואט-אנשטאלט פון קינדבעטורין
פון ד"ר וואָוועלבערג, לעשנא 79,
ווארשא נעהמט אן ארעמע קינדבע-
טורינס אומזאנסט. פיר פערמעגלי-
כע בעזונדערע צימער פאר צאהלונג.
אומזאנסטער אמבולאטאריום פיר
פרויען-קראנקהייטען פון 10 ביז 12
231 פריה. (20—5)

---

## „Chromolin“

**„כראָמאָלין“** דאס איינציגע ניט שעדליכע מיטטעל
צום פוצען און קאנסערווירען שוהווערק,
מאכט א זעלטענעם גלאנץ. פערקויף
אין שוהווערק מאגאזינען און אפטעקנע
(209) סקלאדעס 12—11

אגענטען ווערדען געזוכט

**L. Schneider,**
Warszawa Nowy-Świat 34.

---

# ווינש־קארטען (לשנה־טובה)

## עם ציורים מציון!

פראכטפאללע ארבייט! 20 סארטען ווינש-קארטען (פאסט-קארטען) מיט פערשידענע שענע בילדער מארץ הקדושה. פרייז פאר א קאלעקציאן פון 20 שטיק מיט פרטא 50 קאפ. סוחרים און ציוניסטישע פעראיינען בעקומען גרויסען ראבאט.

אויך געפינט זיך א פרעכטיגער אונגעהייער גרויסער אויסוואהל פערשידענע שענע סארטען אויסלאנדישע ווינש-קארטען, אנטיקען אונגעהייער ביליג! פאר 5 רובל בעקומט מען א פאלשטענדיגע קאלעקציאן ווינש-קארטען (וועניגער פון 2 רובל ווינש-קארטען ווערט מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט, ביז 1 רובל קען מען שיקען מיט פאסט-מארקען) אלע בעשטעלונגען ווערען ערפילט „שנעל און פינקטליך גוט און ביליג".

## קארטא פאלעסטינא.

דיזע קארטע ענטהאלט: אללע שטעדט, שטעדלעך, טייכען, טייכלעך, אלע אלטע און נייע קאלאניעס, ציגט אן: די גרענעצען פון די שבטים, וויפיעל מענשען יעדע קאלאניע האט און וויפיעל ערד יעדע קאלאניע בעזיצט א. ד. ג. דיזע קארטע איז פראכטפאל שען געדרוקט אין 8 שענע פארבען. פרייז 0 קאפ. סוחרים און ציוניסטישע-פעראיינע בעקומען גרויסען ראבאט (וועניגער פון 5 קארטעס ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט).

233 אדרעססע: 12—4

Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ.

---

**Paryzkie nowe modele**

rekomenduje znany magazyn

**Okryć damskich, wierzchów do futer i kostjumów**

**D. Borodowski,** Warszawa, Leszno 9 m 4.

Na żądanie wykonywam wszelkie obstalunki
w 24 godzin.

(148) 25—13

---

## 1000 ביז 2000 רובל זייטיגע הכנסה יעדעס יאהר

קען האבען יעדער, וועלכער פאר 400 ביז 600 רובל (מען קען אויס-צאהלען אין ראטעס) שאפט זיך איין פון אונז א מאשינע מיט א בע-שרייבונג, וועלכע לערנט אויס ווי איינצוארדענען א זאוואד אליין אהן שום הילף פון איין אנדערן און אהן שום לערנען פאר דעם, ווי צו מא-כען אלערליי סארטען געטרענקע פון פרוכט, יאגדעס, סעלטערס און אנדערע מינעראל-וואסער, פערשיעדענע קוואסען, פראנצויזישע געטרענ-קע און וויין: סידר, שאמפאניער, אריענזישען א. ד. ג. — דעם חשבון וואס דאס דארף קאסטען און פאלשטענדיגען פראקטישען פרייז קוראנט מיט אילוסטראציעס שיקט ארויס פאר א 10 אדער 7 קאפעקענע מארקע די פאבריק פון מאשינען:

(237) 1—

Фабрика машинъ ИППО и Ко. въ Варшавѣ,
Грибная ул, собств. домъ № 15н.

---

## דאמף־דרוקעריי עט ליטאגראפיע

## פון ש. בעלכאטאווסקי אין פיעטרעקיב

איינגעארדענט לויט די נייעסטע סיסטעמע, מיט די שענסטע מאדערנע שריפט און פערצירונגען, נעמט אן צו דרוקען אלערליי ביכער: יודיש, רוסיש פויליש, דייטש א. ז. וו. אויף די לייכטסטע בעדינגונגען. אויך פערשידענע עטיקעטען, פרייז-קוראנטען, פאבריטשנע ביכלעך, אויך אלערליי אנדערע סארטען דרוק אונד ליטאגראפישע זאכען.

50 10 אלעס ווערט פינקטליך און שנעל בעזארגט. (212)

**Въ Типо-литографію Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**

---

Вышло третьимъ изданіемъ:

**О возрожденіи еврейскаго народа на Св. землѣ его древнихъ отцовъ**

**М. Л. ЛИЛІЕНБЛЮМА**

(6 печатныхъ листовъ на хорошей бумагѣ) цѣна 20 к., съ пересылкой 26 к. Сіонист. Кружкамъ и книгопродавцамъ 20%ск.

Адресъ издателя: Книжный маг. С. Горнштейна, Одесса, Безымянный пер. 28.

239 4—1

---

## לעזט ביבער

אין 5 שפראכען

אין צוקערמאנ'ס לייה-ביב-
213 ליאטהעק 10—9

**ווארשא, נאלעווקי 7.**

---

**НУЖНЫ АГЕНТЫ** 221 60—6

для сбыта **издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ со значительн. прибылью. Первоклассн. производство. Не смѣшивать съ другими мелкими** заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. **Каталоги** и условія **безплатно.** Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. **И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ**

---

## י. שעקמאן, ווארשא.

פאבריק פון זילבער 84 פראבע
(128) עט פלאטע־וואארען. 50 28

**Ш. ШЕКМАНЪ** Варшава, Налевки № 20.

---

יעצט פערטיג פון דרוק

# ספורי ישורון

זעהר אינטערעסאנטע ערצעהלונגען פון
תלמוד אין זשארגאן. פרייז 30 קאפ
(226) צו בעקומען ביי: 1—5

Книжный магазинъ
З. Ш. Среберка, Вильна.

---

לצבי ולכבוד הגוי כלו, י"ל:

# המקהלה

## או גלריה של משוררי ישראל.

קובץ (אלבום) 94 תמונות משוררי עמנו מלבד תמונה אליגורית ושער מוזהב למקהלה ערך ספרותי ואומנתי, לכל התכונות ביוגרפיות מדויקות ותגנצים מעשי-חשב ושלל צבעים. המקהלה היא נאה ויאה **לעלא מן כל תשבחתא** ומסוגלה בתור פרס לתלמיד, דורן לבר מצוה וכלי חמדה לכל הדוגל בשם ישראל. גדל מדתה רבע גליון, מכורכה בבד ומוזהבת. מחירה באנגליה 5 שיללינג, 6 פענס, עם המשלוח 6 שיללינג, ברוסיה עם המשלוח באחריות 3 רובל (בשטרות רוסיה או במרקאות הפוסתה בנות 10 קאפ') ובערך זה בכסף שאר הארצות. להשיגה בבתי מסחר הספרים לסוחרים ראבאט הגון. הסוכנים הראשים הם: 2—2 238

GREENBERG & Co.,
**LONDON 80 Chancery Lane, W. C.**

---

## בית־מסחר ספרים

## ב. צ. שיינפינקעל

**ווארשא זלאָטע 63**

מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים
(210) בתנאים נאותים למאד. 10 50